א. זארעצקי
באַ דער מיטאַרבעט פון ק. בעזנאָסיק

# שפּראַך

## אַרבעטבוך פאַרן III לערניאָר

דערלויבט פון דער וויסנשאַפטלעך-פּעדאַגאָגישער סעקציע
: : : : באַם מעלוכישן וויסנשאַפט-ראַט : : : :

11—20 טויזנט

צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג פון פ. ס. ס. ר
1930 מאָסקווע — כאַרקאָוו — מינסק 1930

# 1. סובסטאַנטיוו

## דער שכנס פּעסיעס קינדער

אַלע האָבן זיי דאָ נעמען און צונעמענישן: קלעצל, קאָטער, טשערנאָהוז, בופלאַקס, פּעטעלעלע, גיב מיר נאָך...

האָט קיין יסורים ניט — יעדער נאָמען האָט זײַן שורעש. פּיניע הייסט קלעצל דערפֿאַר, ווײַל ער איז גראָב און קײַלעכיק ווי אַ קלעצל. וועלוול איז אַ שוואַרצער, רופֿט מען אים קאָטער. כײַעם איז אַ בופלאַקס, רופֿט מען אים בופלאַקס. מענדל האָט אַ שפּיצעכיקע נאָז, איז ער אַ טשערנאָהוז, פּעטעלעלע האָט מען אַ נאָמען געגעבן פּײַטלען דערפֿאַר, ווײַל ער קען ניט ריידן, בערל איז אַ גרויסער נאַשער: אַז מע גיט אים אַ שטיקל ברויט מיט שמאַלץ, זאָגט ער: גיב מיר נאָך. (1)

> אַ וואָרט, וואָס באַטײַט אַ מענטש
> אַ כײַע
> אַ זאַך —
> הייסט סובסטאַנטיוו

| | | |
|---|---|---|
| קלעצל | קײַלעכיק | רוסלאַנד |
| קאָטער | לופֿט | אײַנבינדער |
| פּיניע | זאָגט | געגעבן |
| וועלוול | געבן | ווײַט |
| שוואַרץ | נאָז | קאַץ |
| גראָב | קלעצלעך | קעץ |
| קינדער | הויז | ברידער |
| שכנע | טישן | הינט (2) |

פארשרײַבט אין העפט, וואָס איר האָט הײַנט געלערנט:

> הײַנט האָבן מיר געלערנט סובסטאנטיוו· א וואָרט, וואָס באטײַט א מענטשן, א בהמה, א זאך, הייסט סובסטאנטיוו.

**היימישע ארבעט**

ענטפערט אויף דער אנקעטע:

1. ווי הייסטו (נאָמען און פאמיליע)?
2. ווי הייסט דײַן טאטע? דײַן מאמע?
3. וויפל ברידער און שוועסטער האָסטו? ווי הייסן זיי?
4. אין וועלכע שטעט, שטעטלעך, דערפער ביסטו געווען?
5. וואָס איז דײַן טאטע? דײַן מאמע?

## 2. אייגננאָמען

(1) פאראן בא אונדז אין שטעטל צוויי בלעכערס. איין בלעכער הייסט יאָסל. דער צווייטער בלעכער הייסט מוישע.

סובסטאנטיוון: שטעטל, בלעכערס, בלעכער, יאָסל, מוישע.

**יאָסל, מוישע** זײַנען אייגענע נעמען פון מענטשן. דאָס זײַנען **אייגננעמען**.

> פאראן סובסטאנטיוון אייגננעמען און סובסטאנטיוון ניט קיין אייגננעמען

(2)

כאצקל באגעגנט אמאָל אן אומבאקאנטן יינגל אין גאס. מאכט צו אים כאצקל: ווי רופט מען דיך? ענטפערט יענער: טרעף! זאָגט כאצקל: זאָז מיר דײַן נאָמען, וועל איך טרעפן, ווי מע רופט דיך. (3)

| | | |
|---|---|---|
| טאטע | אוקראַינע | קאַץ |
| מומע | ווײַסרוסלאנד | הונט |
| טיש | לאנד | סירקע |
| שטאָט | אָדעס | זשוטשקע |
| טײַך | בעקער | באָרעך |
| דניעפּער | בעקערײַ | זאָרעך |

שרײַב איבער די סובסטאַנטיוון אין צוויי רובריקעס:

| אייגננעמען | ניט קיין אייגננעמען |
| --- | --- |
| | |

מענטשן, שטעט, לענדער טײַכן
האָבן אייגננעמען.
(4).

* ווען באָרעך איז געקומען פון אָדעס צוריק אין זײַן שטעטל, האָט ער זיך באַרימט:

— איר ווייסט? איך האָב אָפּגענאַרט גאַנץ אָדעס!

פרעגט מען אים:

— וויאַזוי?

ענטפערט ער:

— איך האָב געזאָגט אַלעמען, אַז איך הייס זאָרעך, און אַפּדערעמעס הייס איך גאָר באָרעך.

פאַרשרײַבט:

הײַנט האָבן מיר געלערנט וועגן אייגננעמען. אייגננעמען זײַנען אייגענע נעמען פון מענטשן, שטעט, טײַכן, לענדער.

היימישע אַרבעט

## פעסיעס קינדער און די קאַץ

ס'איז אַ שטוב, וואָס יעדערער האָט אַ צונעמעניש. וואָס דאַרפט איר מער — די קאַץ, שוין גאָר אַ שטומע צונג, הייסט זי בײַ זיי פייגע-לייע די גאַבעטע. איר ווייסט, פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס זי איז אַ גראָבע, און פייגע-לייע, נאָכמען דעם גאַבעס ווײַב, איז אויך אַ גראָבע. וויפל, מיינט איר, האָבן זיי שוין געכאַפּט פעטש דערפאַר, זיי זאָלן ניט רופן קיין קאַץ מיט אַ מענטשלעכן נאָמען? ווי אַן אַרבעס אין וואַנט! האָבן זיי געגעבן עמעצן אַ צונעמעניש, איז פאַרפאַלן.

שרײַבט איבער, שטרײַכט אונטער אייגננעמען מיט צוויי שטריכן און אַנדערע סובסטאַנטיוון מיט איין שטריך.

## 3. לערער, לערערקע, לערערן

(1) יאנקל דער בלעכער האָט דריי זין און צוויי טעכטער. איין זון איז א גלעזער, דער צווייטער א שניידער און דער דריטער איז נאָך ערשט א שילער, ער לערנט אין שול. איין טאָכטער איז א שניידערקע, די צווייטע וויל ווערן א דערציִערן אין א קינדערהיים. (2)

דערשרייבן:

דער וואָס שערט הייסט . . .
דער וואָס שרייבט הייסט . . .
דער וואָס שרייט הייסט . . .
דער וואָס טומלט הייסט . . .
דער וואָס ארבעט בא בלעך הייסט . . .
דער וואָס האלט א קראָם הייסט . . .
דער וואָס באארבעט א גאָרטן הייסט . . .

איינמאָל האָט מען געלייענט אין קלאס א לידל:

מיר זיינען נאָך,
מיר זיינען נאָך
דערווייַלע קליינע קינדער,

מיר לערנען נאָך,
מיר לערנען נאָך,
מיר לערנען נאָך אצינדער.

פרעגט דער לערער: קינדער, ווער ווייס, וואָס הייסט א צינדער?
רופט זיך אָן איין יונגל: איך ווייס. א צינדער הייסט דער, וואָס צינדט הייזער.

יאנקלס צווייטער זון איז א שניידער, און זיין עלטערע טאָכטער איז א שניידערקע.

בא אונדז לערנט א לערער און א לערערקע.

ביילע איז א גוטע זינגערקע, וועלוול איז אויך ניט קיין שלעכטער זינגער.

רייזל זאָגט אף דאָווידן, אז ער איז א נאשער, און דאָוויד זאָגט, אז זי איז א נאשערקע. (3)

| |
|---|
| לערער — מאַנצביל |
| לערערקע — פרוי |

יאנקל דעם בלעכערס טאָכטער וויל ווערן א דערציִערן אין א קינדער-היים. דעם געדאנק האָט איר געגעבן אירע א כאווערטע ראָכל. זי איז א לערערן און א פארוואלטערן פון א קינדערהיים.

ביילע איז א גוטע זינגערן. זי זאָגט, אז זי וועט ענדיקן די שול, וועט זי זיך לערנען פאר אן ארטיסטן. (4)

| | |
|---|---|
| לערערקע / לערערן } אלציינס | כאווער — כאווערטע |

פארשרייבט:

| |
|---|
| היינט האָבן מיר געלערנט וועגן אזעלכע ווערטער, ווי לערער, לערערקע, לערערן. א מאנצביל הייסט לערער, שניידער, א פרוי הייסט לערערקע, שניידערקע, אָדער לערערן, שניידערן. |

היימישע ארבעט

דערשרייבן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| זינגען — | זינגער — | זינגערקע — | זינגערן |
| שרייבן — | — | — | |
| לויפן — | — | — | |
| פארבן — | — | — | |
| שטיפן — | — | — | |
| היטן — | — | — | |
| שפילן — | — | — | |
| שפרינגען — | — | — | |

# 4. דריי מינים

## דער גאָלדענער הארבסט

די לערערקע האָט אונדז געזאָגט: קינדער, עס קומט דער גאָלדענער הארבסט.

— פרעגט איינע א שילערן:

— פארוואָס איז דער הארבסט א גאָלדענער?

— קומט אין וואלד, וועט איר זען.

מיר זיינען אוועק אין וואלד. עס האָט געבלאָזן א קאלטער ווינט, די זון האָט קוים-קוים געווארעמט. די ביימער באדעקט מיט גרינע און געלע בלעטער.

מיטאמאָל האָט איינער א שילער אויסגעשריִען: גאָלד, גאָלד! און האָט זיך געלאָזט לויפֿן. מיר נאָך אים. מיר האָבן דערזען א הויכן בוים. דער בוים איז געווען איינגאנצן א געלער פונקט ווי א גאָלדענער.

— אָט איז דאָס גאָלד, וואָס דער הארבסט האָט געבראכט, זאָגט די לערערקע. (1)

| | | |
|---|---|---|
| דער בוים | — | ערשטער מין |
| די זון | — | צווייטער מין |
| דאָס גאָלד | — | דריטער מין |

בא סובסטאנטיוון איינצאָלן איז פֿאראן דרײַ מינים.
א סובסטאנטיוו אן איינצאָל איז אָדער ערשטער מין.

| | | | |
|---|---|---|---|
| דער טיש | — | די טישן. | אָדער צווייטער מין, |
| די וואנט | — | די ווענט. | אָדער דריטער מין, |
| דאָס בענקל | — | די בענקלעך. | |

(2)

איך גיי צו צו דער קאץ און הייב זיך אָן מיט איר אונטערשפּילן. סטאָי, סלוזש! — זאָג איך צו איר און שענק איר אלע מאָל א שנעל אין גנזל ארײַן. פֿארמאכט זי די אויגן און דרייט אויס דאָס קעפּל, שטעלט ארויס דאָס צינגל און מאכט א מאָדנע פּענעמל, ווי איינער רעדט: וואָס האָט זיך צוגע-טשעפּעט צו מיר דאָסדאָזיקע באָכערל? וואָס וויל ער האָבן פֿון מײַן לעבן? מיך פֿארדריסט די מײַסע: א קאץ זאָל זײַן אזא אקשנטע! און איך מוטשע זיך מיט איר אזוי לאנג, ביז זי דערלאנגט מיר א קרעל מיט אירע שאַרפֿע נעגל איבער דער האנט, און איך לאָז ארויס א מוירעדיקן קוויטש: „אוי, מאמע!" קומט צולויפֿן די מאמע מיט סאָסלען מיט א געפּילדער, און איך בא-קום א רעכטן פּסאק פֿון זיי ביידע, איך זאָל דאָס אנדערע מאָל וויסן, וויִאזוי צו שפּילן זיך מיט קעץ (סאכאקל איין קאץ, הייסט בא זיי קעץ!). (3)

רעטעניש: א גראָבע מאמע,
א רויטער טאטע,
א הויכער זון,
א מעשוגענע טאָכטער.

(אויוון, פֿײַער, קוימען, רויך)

שרײַבט איבער און בא יעדן סובסטאנטיוו שרײַבט אָן, וועלכער מין.

| | |
|---|---|
| הינדל, הינדעלע<br>מײַזל, מײַזעלע<br>בלעטל, בלעטעלע | פאַרקלענערונגען |

יעדע פאַרקלענערונג איז דריטער מין

דער האָן — דאָס הענדל, דאָס הענדעלע.

די הון — דאָס הינדל, דאָס הינדעלע.

דאָס גראָז — דאָס גרעזל, דאָס גרעזעלע. (4)

* דער טיש — דאָס טישל, דאָס טישעלע.

דער ברודער — דאָס ברודערל...

די וואַנט — דאָס ווענטל, דאָס ווענטעלע.

די לאָנקע — . . . . . . דאָס לאָנקעלע.

* פאַראַן סובסטאַנטיוון, וואָס האָבן צוויי פאַרקלענערונגען און פאַראַן סובסטאַנטיוון, וואָס האָבן איין פאַרקלענערונג

פאַרשרײַבט:

הײַנט האָבן מיר געלערנט וועגן דרײַ מינים.
א סובסטאַנטיוו אין איינצאָל איז אָדער ערשטער מין,
אָדער צווייטער מין, אָדער דריטער מין.

היימישע ארבעט:

שרײַב-אויף 8 סובסטאַנטיוון פון ערשטן מין, 8 פון צווייטן און 8 פון דריטן (אלע איינצאָלן).

## 5. מערצאָל



טיש



טישן

די אונטערשריפטן אונטער די בילדער זײַנען צעפּלאָנטערט.

וואָס דאַרף מען פאַרמעקן און צושרײַבן אין דער ערשטער אונטער־ריפט? אין דער צווייטער?



שאַפע



שאַפעס

דאָס אייגענע. (1)

דערשרײַבט די מערצאָלן:

א פיסל — פיסלעך
א הענטל —
א ביכל —
א יינגל —
א מיידל —
א שטעטל — (2)

דערשרײַבט:

א פיסעלע — פיסעלעך
א ביכעלע —
א מיידעלע —
א יינגעלע —
א פייגעלע — (3)

דערשרײַבט:

א שליסל — שליסלען
א ווינקל —
א שיסל —
א שפּיגל — (4)

| |
|---|
| אין מערצאָלן פאַרקלענערונגען שרײַבט זיך צום סאָף -עך (אײַען כאָף): פיסלעך, פיסעלעך |

פאַראַן נאָך אַנדערע ווערטער מיט-עך.
דערשרײַבט:

וואָרעם — וואָרעמלעך
קאַלט — . . . . .
ווײַס — . . . . .
רויט — . . . . .
נאַס — . . . . .
געל — . . . . .

פון אַסאַך טראַכטן שפּאַלט זיך דער מויעך.
מיט קויעך און סייכל צוזאַמען קען מען פיל אויפטאָן.
די דאָרפישע פויערטעס וועבן אַלץ אַליין: א האַנטעך, א טישטעך, א פאַרטעך און אַנדערע זאַכן.
באַלד וועט שוין דער פאַסטעך אויפהערן צו פאַשען די סטאַדע.
אין באַלעבאַטישקייט איז אַפילע א שפּענדל נוצלעך.
גליקלעך איז דער, וואָס בא אים גייט גוט די אַרבעט.
רעטעך האָט א שווערן רייעך.
שרײַבט אַרויס די ווערטער מיט עך.

פאַרשרײַבט:

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר געלערנט וועגן מערצאָל. אין מערצאָל קומט צו אַמאָל -ן, אַמאָל -ס, אַמאָל -עך, אַמאָל -ך, אַמאָל -ען. |

הײמישע אַרבעט:

פאַרשרײַבט, וועלכע נײַע סובסטאַנטיוון האָט איר זיך דערוווסט די לעצטע צײַט, און בא יעדערן שרײַבט די מערצאָל אויך.

# 6. נאָך וועגן מערצאָל

(1) האַרבסט

אין דער אָוונט-לופט
פליִען ווײַסע גענדז,
ווי די זון פאַרגייט,
דאָרטן פליִען זיי.
העלדזער אויסגעשטרעקט,
פליגלען אויסגעשפּרייט.
און זיי ציִען זיך

און זיי יאָגן נאָך
רויטע וואָלקנדלעך, —
שוואַרצע פליטערלעך
אין דעם אָוונט-גלוט...
און פאַרשווינדן דאָרט,
ווי די פלעדערלעך
אין אַ פלאַם באַנאַכט.

שרײַבט אַרויס די מערצאָלן און אַנטקעגן יעדערער שרײַבט די געהעריקע איינצאָל.

שרײַבט צו אין די דרײַ רובריקעס ווערטער, וועלכע איר ווייסט:

| קאַץ — קעץ | שטאָט — שטעט | פוס — פיס |
| --- | --- | --- |
| | | |

דערשרײַבט די מערצאָלן:

באַנק — בענק
דאַנק — דאַנקען
גאַנג —
געדאַנק —
פאַרהאַנג —
שלאַנג —
קלאַנג —
זאַנג —
געזאַנג —

(2)

(3)

פאַר נג און פאַר נק שרײַבט
מען אַ אָדער ע
(ניט ײַ אָדער יי)





ליכט

ליכט

פאַראַן סובסטאַנטיוון, וואָס זייער איינצאָל און מערצאָל זײַנען אַלציינס.
דערקאָנען איינצאָל און מערצאָל קען מען נאָכן באַשטימוואָרט, נאָכן אומבאַשטימוואָרט, נאָך דער טוונג.

פאַרשרײַבט:

הײַנט האָבן מיר ווײַטער געלערנט וועגן מערצאָל.
אַמאָל קומט אין מערצאָל **ע** אַנשטאָט **א**, **ע** אַנשטאָט **א**, **י** אַנשטאָט **ן**.
אַמאָל איז די מערצאָל אַלציינס ווי די איינצאָל

**היימישע אַרבעט:**

**שרײַבט־איבער, שטרײַכט אונטער אַלע איינצאָלן מיט איין שטריך און אַלע מערצאָלן מיט צוויי.**

### קינדער

קינדער!
ווער פון אײַך וועט מיר זאָגן —
וויפל רעדער האָט א וואָגן?
וויפל ווינקלען האָט א הויז?
וויפל אויגן האָט א מויז?
וויפל פינגער האָט א האַנט?
וויפל קאַנטן האָט א וואַנט?

וויפל פיסלעך האָט א טיש?
וויפל פלעדערן האָט א פיש?
וויפל פליגלען האָט א האָן?
וויפל זײַטן האָט א פאָן?
וויפל הערנער האָט א ציג?
וויפל פיסלעך האָט א פליג?
וויפל ארבל האָט א רעקל?
וויפל עקן האָט א שטעקל?
וויפל טעג האָט א וואָך?
ווען שרײַען קינדער: נאָך?

## 7. נאָך וועגן מערצאָל און וועגן שרײַבן ריכטיק

— כאַווײרים! ווער קען אָנרופן אלע רעוואָליוציאָנערע יאָנטויווים?
— איך! איך קען! אָקטיאַבער-רעוואָליוציע, ערשטער מײַ... מער ווייס איך ניט.
— און אין וועלכע כאָדאָשים פאלן זיי אויס?
— אָקטיאַבער-רעוואָליוציע דעם זיבעטן נאָיאַבער, און ערשטער מײַ — דעם ערשטן מײַ. (1)

| כאַווער—כאַווײרים |
| --- |

רעטעניש:

עס וואַקסט אפן הימל, מייסים עסן דאָס, און א לעבעדיקער, אז ער עסט דאָס, שטאַרבט ער.

(גאָרנישט) (2)

דערשרײַבן די מערצאָלן:

גאַזלען — גאַזלאָנים
גאַנעוו —
דאָקטער —
טאַלמיד —
טערעץ —
יאָסעם —
כאַזער —
כאָכעם —
כווידעש —

לימעד —
מײַכל —
ניגן —
סימען —
פּאַרעץ —
קאַרעוו —
קוינע —
שאַכן —
שיקער —

| | | |
|---|---|---|
| פויער — | פויערים<br>פויערן | אלציינם |

אז די **נעגידים** זאָכן, האָבן די אָרעמעלײַט וואָס צו קאָכן.
ער זיצט פארגראָבן, ווי א **וואָרעם** אין כריין.
הײַנט איז **אָרעם** העכער פאר רײַך.
**יענעם** אן אייצע — איז א קאלטע רעפוּע.
אז עס בלאָזט פון **דאָרעם**, וועט ווערן **ווארעם**.
פון אלע גליקן זיך אויסגעלאָזט א **בוידעם**.
אלע **יעוואָנים** האָבן בא אים איין **פּאָנעם**.
די גרעסטע **סאָנים** ווערן **מעכוטאָנים**.
א גוט וואָרט פארלײַכטערט די גרעסטע **יעסורים**.
אלע **שאבאָסים** דיזעלבע **מײַכאָלים**.
**מעלאמדים** זײַנען שטענדיק די גרעסטע שלימעזאלניקעס. (3)

שרײַבט איבער און צעשטעלט די אויסגעטיילטע ווערטער אין צוויי רובריקעס:

| מערצאָל | ניט מערצאָל |
|---|---|
| | |

**פּאָנעם — פּענעמער**

אין מערצאָל איז אין סאָף—יוד מעם (ים),
ניט אין מערצאָל — איַיען מעם (עם).

(4)

דער טאָג שייַנט ווי די לעוואָנע אין קוימען.
פון פיל מעלאָכעס — ווייניק האצלאָכעס.
מעלאָכע — איז א מעלוכע.
מיטן מויל האָבן אלע ליב יעסוימים.
יעכידים קענען ניט באשטיין קעגן א קלאל.
ער איז קלאָר לעגאבע א מעשוגענעם.
די ערגסטע רעגיליעס — איז ליגנערייַ.
ייִדן האָבן געשאפן א נייַעם דאָרפישן יישעוו און פארנעמען זיך מיט ערדארבעט.
דער גרעסטער ייכעס — איז מעלאָכע.
פריִער געווען ייסראָעל דער קרעמער, איצט הייסט ער ייסראָעל דער יישוווניק.
א נעדאָווע דעם אָרעמאן איז א קנאפע רעפוע: מע דארף אים געבן ארבעט:
ייִדישע ייִנגלעך קענען אויך גיין באם אקער.
מיר האָבן באקומען א יעדיִע, אז רעפאָעל און יעכיִעל ציִען זייער גאנצע יעניקע פון דער ערד-ארבעט. (5)

פארשרייַבט:

הייַנט האָבן מיר געלערנט וועגן מערצאָל מיט יוד מעם (ים) צום סאָף און וועגן אנדערע ווערטער מיט איַיען מעם (עם) צום סאָף, און נאָך וועגן שרייַבן ריכטיק.

**היימישע ארבעט:**

שרייַבט ארויס פון דער אויסגעפילטער ארבעט 6 אלע מערצאָלן און אנטקעגן יעדערער שרייַבט צו די געהעריקע איינצאָל.

צ. ב.: קינדער — קינד.
רעדער — ראָד.

ווייַטער שרייַבט ארויס אלע איינצאָלן און אנטקעגן יעדער איינצאָל שטעלט צו די געהעריקע מערצאָל.

צ. ב.: וואָגן — וואָגנס, וועגענער.

# 8. סוביעקט און אָביעקט

## פּעסיעס קינדער און מאָטל

מיר האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן — טרעפט וויאַזוי? „מאָטל מיט די לעפצן". לעפצן איז אַ דײַטשיש וואָרט, אויף אונדזער לאָשן הייסט דאָס „ליפּן"... אפּאָנעם זיי איז ניט געפעלן מײַנע ליפּן. זיי זאָגן, אַז איך עס, מאַך איך מיט די ליפּן. איך וואָלט וועלן זען יענעם מענטשן, וואָס זאָל עסן און ניט מאַכן מיט די ליפּן! מיר איז דער צונעמעניש שטאַרק ניט געפעלן. און ווײַל ס'איז מיר ניט געפעלן, רייצן זיי זיך מיט מיר און רופן מיך דאַפקע אַזוי. עס פאַרדריסט מיך און עס ברענט מיר און איך וויין. דערזעט דער פּאָטער זייערער, פּעסיעס מאַן, מוישע דער אײַנבינדער, אַז איך וויין, פרעגט ער מיך איינמאָל וואָס וויין איך. זאָג איך אים: וויאַזוי זאָל איך ניט וויינען, אַז איך הייס מאָטל און מע רופט מיך לעפצן. פרעגט ער: ווער? זאָג איך: וואַשטע. וויל ער שלאָגן וואַשטען, זאָגט וואַשטע: ס'איז ניט איך, ס'איז קלעצל. וויל ער שלאָגן קלעצלען, זאָגט קלעצל: ס'איז ניט איך, ס'איז קאָטער. איינער אויפן אַנדערן, דער אַנדערער אויפן דריטן — אַ מײַסע אָן אַן עק. (1)

די קינדער טשעפּען מאָטלען.
מאָטל וויינט.
מוישע פרעגט מאָטלען.
דער טאַטע וויל שלאָגן וואַשטען.
דער טאַטע שלאָגט אַלעמען. (2)

צעשטעלט יעדע פראַזע אין דרײַ רובריקעס:

| ווער? | וואָס טוט? | וועמען? |
| --- | --- | --- |
| | | |

(נאָר די צווייטע פראַזע וועט ניט שטיין אין אַלע רובריקעס).

ווער פרעגט? — מוישע.
מוישע — **סוביעקט**
וועמען פרעגט ער? — מאָטלען.
מאָטלען — **אָביעקט**

א סובסטאנטיוו קען זײַן א סוביעקט, און קען זײַן אן אָביעקט.

פּיניע שלאָגט װעלװולען
װעלװולען שלאָגט פּיניע

װאָס איז דער חילוק?

דערשרײַבט אָביעקטן:

איך האָב געזען . . . . . . . . . (אװראָם)

ער האָט גערופן . . . . . . . . (מאָטל)

כ'האָב כאפּט . . . . . . . . (פּײַטל)

מוישע זעט . . . . . . . . . . (פּעסיע)

איך האָב געטראָפן אין גאס . . . . (זעלדע)

פארשרײַבט:

הײַנט האָבן מיר געלערנט סוביעקט און אָביעקט.
סוביעקט — װער, אָביעקט — װעמען.

הײמישע ארבעט.

דער ברודער לײענט. די שװעסטער שפּילט. דאָס קינד שרײַט. די מאַמע רופט די שװעסטער. די מאמע װיל, די שװעסטער זאָל אײַנשטילן דאָס קינד. די שװעסטער פאָלגט די מאמע. זי פארװיגט דאָס קינד. דערװײַל קומט זעלדע. זעלדע האָט נאָך הײַנט ניט געזען די שװעסטער. די שװעסטער נעמט-אויף די כאװערטע גוט. זי האָט ליב זעלדען. דאָס קינד װײנט שוין װידער. די שװעסטער און זעלדע שטילן אײַן דאָס קינד. זעלדע פרעגט דעם ברודער, װאָס לײענט ער. דער ברודער ענטפערט.

שרײַבט-איבער און שטרײַכט-אונטער די סוביעקטן מיט אײן שטריך און די אָביעקטן מיט צװײ שטריכן.

## 9. נאָך וועגן אָביעקט (1)

| אייגנגעמען פון מענטשן | | ניט אייגנגעמען |
|---|---|---|
| סוביעקט — זעלדע<br>אָביעקט — זעלדען | מין I | סוביעקט — דער ברודער<br>אָביעקט — דעם ברודער |
| סוביעקט — מאָטל<br>אָביעקט — מאָטלען | מין II | סוביעקט — די שוועסטער<br>אָביעקט — די שוועסטער |
| | II | סוביעקט — דאָס קינד<br>אָביעקט — דאָס קינד |

ד ע ר  ב ר ו ד ע ר  ל ײ ע נ ט  א  ב ו ך.

| | |
|---|---|
| ווער לייענט? — דער ברודער. | **סוביעקט** |
| וואָס לייענט ער? — א בוך. | **אָביעקט** |

**שרײַבט-אויף עטלעכע קורצע פראזעס מיט סוביעקטן און אָביעקטן. שטרײַכט-אונטער די סוביעקטן מיט איין שטריך און די אָביעקטן מיט צוויי.**

**פ א ר ש ר ײַ ב ט:**

מיר האָבן הײַנט געלערנט, מיט וואָס שיידט
זיך אונטער אן אָביעקט פון א סוביעקט.
סוביעקט — זעלדע, אָביעקט — זעלדען.
סוביעקט — מאָטל, אָביעקט — מאָטלען.
סוביעקט — דער ברודער, אָביעקט—דעם ברודער.
סוביעקט — די שוועסטער, אָביעקט — אלציינס.
סוביעקט — דאָס קינד, אָביעקט — אלציינס.

**ה י י מ י ש ע  א ר ב ע ט:**

**שטעל-אויף אזעלכע פראזעס, אז דידאָזיקע סובסטאנטיוון זאָלן דאָרטן זײַן סוביעקטן און אָביעקטן:**

**ראָכל, כאנע, לייזער, ברעגמאן, דער ברודער, די ברידער, קינדער, א וואלד.**

**פארשרײַבט, וועלכע נײַע סובסטאנטיוון האָט איר זיך דערוווסט די לעצטע צײַט.**

## 10. פּרעפּאָזיציע



(1) דאָ שטייט דער טיש און די עטאזשערקע. דאָרטן שטייט די שאפע. אף דעם טיש שטייען טעלער. איבער דעם טיש הענגט א לאָמפּ. אף דער עטאזשערקע ליגן ביכער. וואָס וואלגערט זיך דאָט דאָרטן אונטער דער עטא-זשערקע? הינטער דער עטאזשערקע האָט זיך אָנגעקליבן שפּינוועבס. די קאַץ איז ארונטערגעקראָכן אונטער דער שאפע. אָט איז זי שוין פארקראָכן הינטער דער שאפע. (2).




> נאָך א פּרעפּאָזיציע איז דער באשטימוואָרט,
> אויב ערשטער מין — דעם, אויב צווייטער
> מין — דער.

און אין מערצאָל?—געפינט אליין.

אפן טיש שטייען טעלער. איבערן טיש הענגט א לאָמפּ. אפן עטאזשע-רקע ליגן ביכער. וואָס וואלגערט זיך דאָס דאָרטן אונטערן עטאזשערקע? די קאַץ איז ארונטערגעקראָכן אונטערן שאפע. (4)




שרײַבט-אוף עטלעכע פראזעס מיט די ווערטער:
אפן, איבערן, אונטערן, הינטערן.

דערנאָך מאכט איבער: אפן — אף דעם אָדער אף דער

| | | |
|---|---|---|
| איבערן — | איבער דעם — | איבער דער |
| אונטערן — | אונטער דעם — | אונטער דער |
| הינטערן — | הינטער דעם — | הינטער דער |

פארשרײַבט:

> הײַנט האָבן מיר געלערנט פּרעפּאָזיציעס: אף, איבער, אונטער, הינטער, און מיר האָבן געלערנט, אז נאָך א פּרעפּאָזיציע איז דער באשטימווארט אנשטאָט ד ע ר — ד ע ם, און אנשטאָט ד י בא איינצאָל — ד ע ר.

היימישע ארבעט:

שרײַבט-איבער, שטרײַכט-אונטער סוביעקטן מיט איין שטריך, אָביעקטן מיט צוויי און סובסטאנטיוון מיט פּרעפּאָזיציעס — מיט דרײַ.

אָט שטייט א טיש. איך זע דעם טיש. אפן טיש ליגט א טישטעך. מיר וועלן באלד עסן ווארמעס. ס'איז צוגעלאָפן די קאַץ. איך האָב אָפּגעטריבן די קאַץ. די קאַץ האָט זיך באהאלטן הינטער דער שאפע. די שאפע שטייט דאָרטן. די מאמע האָט געעפנט די שאפע. זי האָט ארויסגענומען טעלער. די מאמע האָט געשטעלט די טעלער אפן טיש.

## 11. נאָך פּרעפּאָזיציעס



1) 

| | | | |
|---|---|---|---|
| אַף | אין | צווישן | ארום |
| איבער | אינמיטן | פון | |
| אונטער | אנטקעגן | צו | פארביי |
| הינטער | לעם, לעבן | דורך | (2) |

| | |
|---|---|
| לעם<br>לעבן | } אלציינס |

איך בין געגאנגען דורכן גאָרטן

איך בין געגאנגען דורך דעם גאָרטן

ער גייט צו דעם כאווער

ער גייט צום כאווער

צווישן וואלד אין דיביימער זיינען געוואָקסן בלומען.

ווי דארף מען דאָס פאריכטן? (4)

דערשרײַבט די פּאַסיקע פּרעפּאָזיציע:

ער זיצט . . . . . . . . . דעם באַרג.
דער לאָמפּ הענגט . . . . . . סטעליע.
. . . . . . .ביידע ביכער ליגן די העפטן.
דער וואַלד געפינט זיך . . . . שטאָט.
. . . . . . . . . די קראָמען שטייען כּורן.
איך שטיי . . . . . . . . . דעם שפּיגל.
די קינדער דרייען זיך . . . . דעם טיש.
איך וואַרף אַ שטיינדל . . . . דעם דאַך.
קענסט איבערשפּרינגען . . . . דעם פּאַרקן?
. . . . . . . . . . . . . ווּעמען גייסטו?

— אַף וואָס טראָגט אַ מילנער אַ היטל?
(אַ פֿאָלקס רעטעניש)

פּאַרשרײַבט, וועלכע פּרעפּאָזיציעס האָט איר הײַנט געלערנט.

הײמישע אַרבעט:

טראַכט צו אַ קורצע דערציילונג, אַז דאָרטן זאָל זײַן ניט ווייניקער ווי 5 פּרעפּאָזיציעס. די פּרעפּאָזיציעס שטרײַכט אונטער.

## 12. נאָך פּרעפּאָזיציעס

### (1) כאַוועריִ „סירקאָ“

איך מיין, אַז נאָכן נאָמען אַליין איז ניט שווער צו שטויסן זיך, אַז סירקאָ איז געווען ניט קיין מענטש, נאָר אַ הונט, אַ געוויינלעכער הונט מיט אַ גרויער פעל, וואָס דעריבער האָט ער געהייסן „סירקאָ“.

אַסאַך, אַסאַך הינט וואָלטן זיך ווינטשן האָבן אַזאַ אויסקומעניש מיט אַזעלכע קעסט, ווי סירקאָ האָט געהאַט. פונעם שענסטן און פונעם בעסטן האָבן אים כעוורע אַרויסגעטראָגן אין די קעשענעס, פאַרשטייט זיך, בעסאָד-סוידעס, אַז קיינער זאָל ניט זען און אַפילע ניט אָנשטויסן זיך, וואָרעם ס'וואָלט געקאָנט זײַן זייער מיִעס פאַר ביידע צדאָדים. סירקאָ האָט שוין געוווּסט די צײַט פון אָנבײַסן, פון וואַרמעס און פון וועטשערע און האָט שוין אַרויסגעקוקט מיט אַלע אויגן, ווען וועט מען אים שוין אַרויסטראָגן פון אַלע גוטע זאַכן. ער האָט שוין געוווּסט אַפילע, בּאַ וועמען אין וואָסער אַ קעשענע אָנצושמעקן, און האָט שוין אַליין געשטופּט די מאָרדע אַהין — אַ הונט אַ כאָכעם! (2).

א מיידעלע גייט אראָפּ פון טרעפּ און האַלט אין האַנט א קריגעלע.
— פאַמעלעך, פאַל ניט אראָפּ, זאָגט מען איר פון שטוב.
— ניין, איך וועל ניט פאַלן: איך האַלט זיך פאַרן הענטל פון קריגעלע.
שרײַבט-איבער און שטרײַכט-אונטער די פּרעפּאָזיציעס (דאָ איז פאַראַן איין פּרעפּאָזיציע א נײַע).

* די מאַמע איז געגאַנגען מיט איר קליין מיידעלע שפּאַצירן. איז דאָס מיידעלע אוועקגעלאָפן ווײַטער און האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט. איז זי צוגעגאַנגען צו א מיליציאָנער און געפרעגט: עפּעס האָט איר געזען א מאַמע אָן א קליין מיידעלע?

* שרײַבט-איבער און שטרײַכט-אונטער די פּרעפּאָזיציעס (איינע איז דאָ א נײַע).

ביז ווארמעס לערנען מיר, און נאָך ווארמעס רוען מיר. מיר לערנען הײַנט וועגן פּרעפּאָזיציעס. (3)

* איך וועל גיין ביז דעם בריק.
ער איז געגאַנגען פון שול.

ער וועט אַרבעטן ביז וועטשערע.
מיר האָבן הײַנט גערעדט פון פויגלען. (4)

פון וואָס נייט מען שטיוול?
מיט וואָס נייט מען שטיוול?
צו וואָס נייט מען שטיוול? (5)

* ער באַ מיט זיך טרעפּן.
וואָס פאַר א פּרעפּאָזיציעס זײַנען דאָ פאַראַן?

ניטאָ קיין פּרעפּאָזיציעס; עס דאַרף זײַן:
ער באַמיט זיך טרעפּן.

פאַרשרײַבט, וועלכע נײַע פּרעפּאָזיציעס האָט איר הײַנט געלערנט. (6)

היימישע אַרבעט:

שרײַבט-איבער, שטרײַכט-אונטער די פּרעפּאָזיציעס:

גיטעלע האָט שוין לאַנג געטרוימט וועגן א ווארעמען מאַנטל. ביז דעם יאָר פלעגט זי טראָגן דער עלטערער שוועסטערס מאַנטלען. איצט איז בא איר שוין דאָ א גוטער מאַנטל פון פײַנער צײַג און מיט שיינע קנעפּ. געקומען אין שול, האָבן זיך אַלע כאַווערטעס געשטעלט ארום גיטעלען און געווינטשעוועט איר טראָגן אים געזונטערהייט. גייט ווער פאַרבײַ גיטעלען שטעלט מען זיך אָפּ.
נאָך די לימודים גייט גיטעלע אהיים, זעט זי — א קנעפּל האַלט זיך אויף איין האָר. האָט זי מוירע, זי וועט בלײַבן אָן א קנעפּל. לעם שול וווינט יענטל. גייט גיטעלע צו איר אַרײַן און מאַכט עס צורעכט. דעם מאַנטל הענגט זי שטענדיק אויף אן אָרט. פאַרן אָנטאָן פּוצט זי אים, איז ער טאָקע ריין.

## 13. איך, מיך, מיר

### שמועלקע און דער קוכן

די מאמע האָט אָפּגעבאַקט א קוכן און טיילט די קינדער. שמועלקע קוקט, ווי זי שנײַדט אָפּ א פּענעץ. מיינט ער, אז דאָס איז **פאר דער שוועסטער**. מאכט ער:

— זע, אזא גרויסן שטיק קוכן **פאר עטעלען**?

זאָגט די מאמע:

ס׳איז ניט **פאר עטעלען**, ס׳איז **פאר דיר**.

אז ער האָט דערהערט, אז ס׳איז **פאר אים**, ניט **פאר איר**, מאכט ער ווין:

**פאר מיר**? אזא קליין שטיקעלע?

שרײַבט־איבער און שטרײַכט־אונטער יעדע פּרעפּאָזיציע מיט איין שטריך און דעם וואָרט, וואָס נאָך דער פּרעפּאָזיציע, מיט צוויי שטריכן.

**איך** מיין, אז דער קוכן איז פאר מיר
**דו** מיינסט, אז דער קוכן איז פאר דיר
**ער** מיינט, אז דער קוכן איז פאר **אים**
**זי** מיינט, אז דער קוכן איז פאר איר

**איך** רייד צו **אים**
**ער** רעדט צו דיר
**דו** רעדסט צו **איר**
**זי** רעדט צו מיר

---

איך רייד צו דו
דו גייסט פון ער
ער שפּאצירט מיט זי
וואָס ווילסטו פון איך?

פאריכט די גרײַזן. (1)

פרעגט ער מיך, וואָס ווייַן **איך**
זאָג **איך**, וויאזוי זאָל **איך** ניט וויינען?
**מוישע פרעגט מאָטלען**
**ער** פרעגט מיך

וועלוול זוכט **מיך**, און **איך** באַהאַלט זיך
וועלוול זוכט **דיך**, און **דו** באַהאַלסט זיך
וועלוול זוכט **אים**, און **ער** באַהאַלט זיך
וועלוול זוכט **זי**, און **זי** באַהאַלט זיך (2)

איך — סוביעקט
מיך — אָביעקט
נאָך אַ פּרעפּאָזיציע — מיר

דו — סוביעקט
דיך — אָביעקט
נאָך אַ פּרעפּאָזיציע — דיר

ער — סוביעקט
אים — אָביעקט
נאָך אַ פּרעפּאָזיציע — אים

זי — סוביעקט
זי — אָביעקט
נאָך אַ פּרעפּאָזיציע — איר

איך גיי צו צו דער קאַץ און הייב זיך אָן **מיט איר** אונטערשפּילן. סטאָפּ! סלוזש! זאָג איך **צו איר** און שנעל זי אין נעזל אַרײַן. פאַרמאַכט זי די אויגן... (3)

| סוביעקט | אָביעקט | נאָך אַ פּרעפּאָזיציע |
|---|---|---|
| איך | מיך | מיר |
| דו | דיך | דיר |
| ער | אים | אים |
| זי | זי | איר |

איך האָב **דיך** געזוכט און געזוכט,
לעסאָף האָב איך **דיך** דערזען פונדערווײַטן.
בין איך צו **דיר** צוגעגאַנגען.
און דו נעמסט און גייסט-אַוועק. (4)

דערשרײַבן:

איך גיי, און ער גייט נאָך מיר, ער וויל מיך אָניאָגן
דו גייסט, און ער גייט נאָך . ער וויל . . אָניאָגן
זי גייט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
ער גייט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
מיר גייען . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
איר גייט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
זיי גייען . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

| סוביעקט | אָביעקט | נאָך א פּרעפּאָזיציע |
|---|---|---|
| מיר | אונדז | אונדז |
| איר | אײַך | אײַך |
| זיי | זיי | זיי |

(5)

היימישע ארבעט:

אופשרײַבן א דערציילונג מיט די ווערטער, וואָס איר האָט הײַנט געלערנט (איך, מיך, מיר א. א. וו.).

## 14. וועגן שרײַבן ריכטיק

קיווע איז בא זיך זייער גרויס. אז מע זאטשעפּעט אים, שרײַט ער אויס:
— צי ווייסט איר, ווער איך בין? קיינער איז צו מיר ניט גלײַך!
ענפערט אים איינמאָל הערשל, א קלוגער ייִנגל:
— אָהאָ! א קרומער איז צו דיר ניט גלײַך! (1)

| |
|---|
| צו — פּרעפּאָזיציע |
| צי — פּרעגוואָרט |

(ליטווו.)

| |
|---|
| אָביעקט — מיך, דיך, זי |
| בא א פּרעפּאָזיציע — מיר, דיר, איר |

| |
|---|
| ער קוקט אף מיר |
| ער זעט מיך |

דערשרײַבט, ווו מע דארף **מיך, דיך, זי**, און ווו מע דארף **מיר, דיר, איר**. (2)

| | |
|---|---|
| איך בין געוועזן בא לייען, האָב | |
| איך . . . ניט געטראָפן אינדערהיים. | זי |
| איך וועל מוזן גיין צו . . . נאָכאמאָל | איר |
| ער איז געקומען צו . . . און גערופן | מיך |
| . . . גיין שפּאצירן | מיר |
| בוזי רעדט צו . . און אירע אויגן לאכן. | מיך |
| עס פאַרדריסט . . . . .,וואָס זי לאכט | מיר |
| פון . . . | |
| קוקט זי . . . אין די אויגן און נעמט | |
| . . . . אָן בא דער האַנט און זאָגט | מיך |
| צו . . . :שימעק! | מיר |
| — איך האָב צו . . א באַקאָשע: בלײַבן | |
| מיט מיר א ווײַלע. | דיך |
| — אָבער די מאמע וועט דאָך . . . זוכן. | דיר |
| טאָמער טרעף איך . . . דאָ נאָכאמאָל, | |
| וועל איך . . . אזוי אָנלערנען, אז דו | דיך |
| וועסט האָבן צו געדענקען. | דיר |
| זי האָט מיך אָנגערופן באם נאָמען, נאָר | |
| איך האָב . . . אָן קאָל ניט דערקאָנט· | זי |
| ערשט, אז כ'האָב א קוק געטאָן אף . . , | איר |
| האָב איך דערקאָנט: ס'איז דאָך באַמיע. | |

שרײַבט-אראָפּ און שטרײַכט אונטער ווערטער מיט שין (ש) מיט א גלאטן שטריך און ווערטער מיט סאמעך (ס) מיט א זיגזאג.

**איינס און איינס איז צוויי,**
**צוויי און איינס איז דרײַ.**
**האָב איך מיר א לידעלע,**
**לידער-לידער-לײַ.**

**איינס און צוויי איז דרײַ,**
**און נאָך איינס איז פיר,**
**שטייט א שטיבעלע געבויגן,**
**אָן א דאך און אָן א טיר.**

פיר און איינס איז פינף,
און נאָך איינס איז זעקס,
דאָרט אמאָל געלעבט א קאָטער,
האָט געבאקן ער געבעקס.

ווו-זשע האלטן מיר? — בא זעקס.
זעקס און איינס איז זיבן.
וועגן דעם א שיינע מײַסע
וואָלט די קאץ געשריבן.

זיבן, אכט און נײַן,
און נאָך איינס איז צען.
קאָן די קאץ זיך ניט דערמאָנען,
וואָס און ווער און ווען.

צווישן אלע שוסטער איז דער בעסטער שנײַדער יאָסל דער סטאָליער.
ער מאכט א היטל, ליגט זי אפן קאָפּ ווי א הענטשקע.
מיט איין שוועבעלע קען מען פארברענען א גאנצע שטאָט.
מיט צוויי בײַטשן שמײַסט מען ניט.
וועמען עס טוט וויי, יענער שרײַט.
דער אוישער איז ניט קיין באליוישער.
דער סייכל קומט נאָך די יאָרן.
מע לעבט אָפּ זיבעציק יאָר און מע שטארבט ערשט א נאר.
ארומגיין ליידיק איז אן אייסעק פאר ליידיקגייער.
פון באָרשטש מיט ברויט ווערן די באקן רויט.
בייס א סרייפע זשאלעוועט מען ניט די שויבן.
פארשרײַבט:

היינט האבן מיר געלערנט שרײַבן ריכטיק די ווערטער צו און צי, די ווערטער מ י ך, ד י ך, ז י, און ווערטער מיט ש, מיט ס, מיט זש, מיט צ.

ווו לערנסטו זיך? — אין שול
ווי לערנסטו? — גוט

(אוקר.)

(3) ווי—וויאזוי

שרײַבט צו, ווּ מע דאַרף — ווּ און ווּ מע דאַרף ווי:

— . . איז ער ערגעץ? — אַנטלאָפן . . דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט.
— . . האָסטו גענומען אזא געטראַנק? — דאָרטן, . . אַלע נעמען.
— . . האָט א הונט א היים? — . . מע גיט אים עסן.
— . . קומט די קאַץ איבערן וואַסער? — נאַס.
— . . מאַכט מען א בײגל? — מע נעמט א לאָך און מע קלעפּט אַרום מיט טײג.

רעטעניש: הויך . . א מויער,
בּרייט . . א טויער,
זים . . צוקער,
בּיטער . . גאַל.

א בוים, די פרוכט, די בלעטער.

יאַנקל און מוישל גײען אין שול.

שרײַבט-צו ווּ מע דאַרף — אין און ווּ מע דאַרף — אין.
יאַנקעלע . . עטעלע שפּילן זיך . . גערטעלע.
דער פויער פירט . . שײַער . . דאָס מײַזל שלעפּט . . גריבּל.
עס שטייען אָפן טיר . . טויער . . עס גייט . . שטוב דער גאַסט.
א פוילער . . א קאַרגער זיצן שטענדיק בּאַ זיך . . שטוב.
בּאַ ליגנער איז זומער . . ווינטער . . איין מאָל.

אונטער דער שאַפע און אויף דער שאַפע.
הינטער דער שאַפע און פאַר דער שאַפע.

שרײַבּט-צו ווּ מע דאַרף — אונטער'ן און ווּ מע דאַרף — הינטערן.

. . שטוב . . בוים בּויט דער שטעכלער זיך אהיים.
. . שטאָט שטייט א מיל, שטייען דאָרטן טורן פיל.
אַלע זוכן די האַק און זי ליגט זיך . . בּאַנק און שווײַגט.
דאָס דאָרף ליגט . . וואַלד און . . דאָרף ליגט דער גרויסער וועג.
. . אויוון שטייט א קערבּל, . . קערבּל זיצט א הון.

פאַרשרײַבּט:

| |
|---|
| הײַנט האָבּן מיר געלערנט שרײַבּן ריכטיק ווּ און ווי, און און אין, אונטער און הינטער. |

היימישע ארבעט

קוקט-איבער אלץ, וואָס איר האָט פארשריבן אין העפט פונעם ערשטן זימעד ביז היינט.

## 15. סובסטאנטיוו

(איבערכאזערונג)

(1) אָט זע איך זיי ווידער, די שוסטערס און באָנדערס,
מיט ברייטע „גוט-מאָרגנס״ און טונקעלע הענט.
איך גיי איבער געסלעך פון איינעם צום אנדערן,
זיי האָבן מיך אלע דערקענט.

אָט זע איך זיי ווידער, די שניידערס און שמידן,
פארוייט און פארלאָפן מיט ווינטן פון טעג,
די פראָסטע, די האָריקע, וואָכיקע יידן
מיט האמערס, מיט שערן, מיט זעגן און העק.

אָט זע איך זיי ווידער, נאָר לויטערע, אנדערע,
ניטאָ שוין אף פלייצעם די פינצטערע לאסט,
און איך בין שוין מער ניט קיין שטובּיקער וואנדערער,
איך בין שוין אין שטעטל אין פרייען א גאסט.

אָט זע איך זיי ווידער, די שמידן און באָנדערס,
פארגרויט און פארעלטערט — איך האָב זיי דערקענט.
איך גיי איבער געסלעך פון איינעם צום אנדערן,
איך דריק זיי די האָריקע, וואָכיקע הענט. (2)

פארשרייבט:

| |
|---|
| היינט האָבן מיר איבערגעכאזערט, וואָס מיר האָבן געלערנט ביז אהער. |

היימישע ארבעט

פארשרייבט די נייע ווערטער, וואָס איר האָט זיך דערוווּסט די לעצטע צייט. שרייבט באזונדער סובסטאנטיוון און אנדערע ווערטער.

## 16. טוונג. דריַ פּערזאָנען

איך קום צו אוריִעלן, זע איך, ער לייענט א בוך. פרעג איך, וואָס לייענט ער. ענטפערט ער: איך לייען „מאָטל פּייסי דעם כאזנס״. בעט איך, מיר זאָלן לייענען צוזאמען.

דערוויַיל קומט סימע. פרעגט זי: קינדער, וואָס לייענט איר? זאָגן מיר: מיר לייענען „מאָטל פּייסי דעם כאזנס״. וויל זי אויך לייענען. מאכט אוריִעל צו מיר: בערל, דו לייענסט בעסער פון אונדז, לייען הויך.

לייען איך, און זיי הערן. מיר האָבן אזוי איבערגעלייענט 20 זיַיטלעך. אָן אינטערעסאנט ביכל. (1)

איך קום.

קומט סימע.

ער לייענט א בוך.

וואָס לייענט ער?

איך לייען.

דו לייענסט בעסער.

לייען איך.

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך לייען | | הייסט ערשטע פּערזאָן | |
| דו לייענסט | — | צווייטע | — |
| ער לייענט | — | דריטע | — |
| זי לייענט | — | אויך דריטע | — |
| סימע לייענט | — | אויך דריטע | — |

| | סוביעקט | טוונג |
|---|---|---|
| ערשטע פּערזאָן | איך | לערן |
| צווייטע פּערזאָן | דו | לערנסט |
| דריטע פּערזאָן | ער / זי | לערנט |

דערשריַיבן:

| | | |
|---|---|---|
| איך גיי | זי שריַיט | דו שפּאצירסט |
| דו . . . . | איך . . . | זי . . . . . |
| ער . . . | דו . . . . | ער . . . . . |
| מוישע קומט | דו טומלסט | זי נייט |
| דו . . . . | ער . . . | די מאמע . . |
| וועלוול . . | איך . . . | דו . . . . . |

| | | |
|---|---|---|
| איך קויף | איך טרינק | דו שלעפסט |
| דער טאטע . . . | דו . . . . . . . . | איך . . . |
| דו . . . . . . . . | דאָס קינד . . . . | ער . . . (2) |

פאַרשרײַבט:

הײַנט האָבן מיר געלערנט וועגן דרײַ פּערזאָנען
בײַ אַ טוּונג.

איך לייען איז ערשטע פּערזאָן
דו לייענסט איז צווייטע פּערזאָן
ער אָדער זי לייענט איז דריטע פּערזאָן

**היימישע אַרבעט**

**אַ שיפעלע**

ברעטלעך קויפט ער זיך פאַר געלט,
שלאָגט ער זיי צוזאַמען.
בויט ער זיך אַ שיפעלע
צו פאָרן איבער יאַמען.

לאָזט ער זיך אין וועג אַרײַן,
אינעם וועג דעם ווײַטן.
שפּרייט ער זיך אַ זעגל אויף
אַ לאַנגן און אַ ברייטן.

שפּרייט ער זיך אַ זעגל אויף,
בלאָזט אים אויף דער ווינט, —
ווינט, דו ווינט, זײַן שיפל טראָג
צו יענעם ברעג געשווינד.

**מאַכט עס איבער אין ערשטער פּערזאָן: ברעטלעך קויף איך מיר... (3)**

## 17. דרײַ פּערזאָנען אין מערצאָל

**ענדערונג פון אַ טוּונג**

לייענט איבער די דערציילונג פון לימעד 16.

קינדער, וואָס לייענט איר?
מיר לייענען „מאָטל פּייסי דעם כאַזנס".
וויפל קינדער לייענען צוזאַמען? (1)

מיר לייענען — ערשטע פּערזאָן מערצאָל
איר לייענט — צווייטע פּערזאָן מערצאָל
זיי לייענען — דריטע פּערזאָן מערצאָל

מאכט-איבער די ווײַטערדיקע פראזעס פון אײנצאָל אין מערצאָל:

דאָס קינד לויפט אין גאס.
דער שילער לייענט, שרײַבט און מאָלט.
די שוועסטער נייט.
דער פּיאָנער איז אָרגאניזירט.
די לערערקע קומט צו דער צײַט.
א פויגל זוכט עסן.
א טויבער פארנעמט ניט קיין קלאנגען.
איך לויף אין גאס.
דו זעסט, וואָס עס טוט זיך?
ער ווייס שוין אלץ.
זי זאָגט עמעס.
דו קענסט שרײַבן.
איך מאָל גוט.

(2)

— עפּעס האָסטו זיך געענדערט, אוורעמל. איך דערקען דיך גאָר ניט.
— אָט דערקענסט דאָך מיך! עמעס, כ'האָב זיך אביסל געענדערט פון זומער, אָבער ניט שטארק. (3)

טוונג: לויפן

ענדערונג פון דער טוונג לויפן:

| | | |
|---|---|---|
| I פּערז. | אײנצאָל | — איך לויף |
| II פּערז. | | — דו לויפסט |
| III פּערז. | | — ער לויפט |
| I פּערז. | מערצאָל | — מיר לויפן |
| II פּערז. | | — איר לויפט |
| III פּערז. | | — זיי לויפן |

(4)

| | |
|---|---|
| פאראן 3 פּערזאָנען | ערשטע פּערזאָן<br>צווייטע פּערזאָן<br>דריטע פּערזאָן |
| פאראן 2 צאָלן | אײנצאָל<br>מערצאָל |

$2 \times 3 = 6$

מע האָט געפרעגט א האָן:
— פארוואָס, אז דו קרייסט, פארמאכסטו די אויגן?
ענטפערט ער:
— ווייל איך קען אויסווייניק.

הײַנט האָבן מיר געלערנט דרײַ פערזאָנען אין מערצאָל
און ענדערונג פון א טוונג.
מיר לייענען הייסט ערשטע פערזאָן מערצאָל,
איר לייענט הייסט צווייטע פערזאָן מערצאָל,
זיי לייענען הייסט דריטע פערזאָן מערצאָל.

אז מע זאָגט אָדער מע שרײַבט-אָן אלע דרײַ פערזאָנען
איינצאָל און אלע דרײַ פערזאָנען מערצאָל פון א טוונג,
הייסט עס — מע ענדערט די טוונג.

היימישע ארבעט: פארפילן די ליידיקע קעסטעלעך.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| לייענען | איך לייען | דו לייענסט | ער | מיר | איר | זיי |
| לויפן | איך לויף | | | | | |
| שווייגן | | | זי שווייגט | | | |
| זען | | דו זעסט | | | | |
| שרייבן | | | | מיר שרייבן | | |
| הערן | | דו הערסט | | | | |
| גראָבן | | | | | איר גראָבט | |
| האָרעווען | | | | | | זיי האָרעווען |
| פרעגן | | | ער פרעגט | | | |
| הוסטן | איך הוסט | | | | | |

## 18. נאָך וועגן ענדערונג פון א טוונג

איך שפרינגסט

איך פייפט

איך מאָלן

וועלכע אויסיעס דארף מען דאָ פארמעקן ?

דו מאָל

ער פייפ

מיר עס

איר נעמ

זיי ווייס.

וועלכע אויסיעס דארף מען דאָ צושרייַבן? (1)

| | | | |
|---|---|---|---|
| איינצאָל | ערשטע פערזאָן | איך לויף | |
| | צווייטע פערזאָן | דו לויפ | סט |
| | דריטע פערזאָן | ער לויפ | ט |
| מערצאָל | ערשטע פערזאָן | מיר לויפ | ן |
| | צווייטע פערזאָן | איר לויפ | ט |
| | דריטע פערזאָן | זיי לויפ | ן |

| | | | |
|---|---|---|---|
| איינצאָל | I פערזאָן | איך קום | |
| | II פערזאָן | דו קומ | סט |
| | III פערזאָן | ער קומ | ט |
| מערצאָל | I פערזאָן | מיר קומ | ען |
| | II פערזאָן | איר קומ | ט |
| | III פערזאָן | זיי קומ | ען (2) |

אין מערצאָל ערשטער און דריטער פערזאָן איז אמאָל צום סאָף נאָר א נון (ן), אמאָל אן איַען נון (ען).

דערשרײַבן:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| איך נעם | איך גיב | איך הער | איך זע | איך גיי |
| מיר — | מיר — | מיר — | מיר — | מיר — |
| זיי — | זיי — | זיי — | זיי — | זיי — |
| איך שטיי | איך ניי | איך שרײַ | איך קײַ | איך בלײַב |
| מיר — | מיר — | מיר — | מיר — | מיר — |
| זיי — | זיי — | זיי — | זיי — | זיי — |

**אוי, העלפט מיר, קינדער, אונטער,**
**קיין קויכעס איז ניטאָ.**
**געקומען איז דער ווינטער,**
**דער ווינטער איז שוין דאָ.**

**ער פרעגט קיינעם קיין דייעס,**
**ער קומט ווי צו זיך אהיים,**
**מיט דער ווײַסער באָרד און פייעס,**
**מיט דער ווײַסער גרויסער ברעם.**

**דורך טאָל און וועלדער יאָגט ער,**
**געהויקערט צו דער ערד,**
**מיט זיך א בעזעם טראָגט ער,**
**און קערט, און קערט, און קערט.**

ער פרעגט — איך פרעג, מיר פרעגן
ער יאָגט — איך יאָג, מיר יאָגן
ער טראָגט — איך טראָג, מיר טראָגן (3)

| זינקען | זינגען |
|---|---|
| איך זינק | איך זינג |
| דו זינקסט | דו זינגסט |
| ער זינקט | ער זינגט |
| מיר זינקען | מיר זינגען |
| איר זינקט | איר זינגט |
| זיי זינקען | זיי זינגען |

ער זינקט אין בלאָטע.
ער זינגט לידער. (4)

פאַרשרײַבט:

> הײַנט האָבן מיר געלערנט װײַטער װעגן ענדערונג פון טװונג. מיר האָבן געלערנט, אַז מע דאַרף שרײַבן פּ ר ע ג ט מיט אַ גימל (ג).

**היימישע אַרבעט**

ענדערט די טװונגען:

זשאַלעװען, װיגן, פּיקן, גיין. קומען, נעמען, בלײַבן, פּרוּװן.

## 19. נאָך װעגן ענדערונג פון טװונג

(1) דערשרײַבן:

| | | |
|---|---|---|
| איך קלעפּ | איך לעב | איך רוף |
| דו — | דו — | דו — |
| ער — | ער — | ער — |
| מיר — | מיר — | מיר — |
| איר — | איר — | איר — |
| זיי — | זיי — | זיי — |
| איך פּרוּװ | איך בראָק | איך שלאָג |
| דו — | דו — | דו — |
| ער — | ער — | ער — |
| מיר — | מיר — | מיר — |
| איר — | איר — | איר — |
| זיי — | זיי — | זיי — |

| | | |
|---|---|---|
| איך גיב | איך האָב | איך האָב געשריבן |
| דו גיסט | דו האָסט | דו האָסט געשריבן |
| ער גיט | ער האָט | ער האָט געשריבן |
| מיר גיבן | מיר האָבן | מיר האָבן געשריבן |
| איר גיט | איר האָט | איר האָט געשריבן |
| זיי גיבן | זיי האָבן | זיי האָבן געשריבן |

שרײַבט עס איבער.

— דו גיסט מיר טיי?
— אָט גים איך אָן, גיב איך דיר.

> הײַנט האָבן מיר געלערנט, װי שרײַבן ריכטיק ענדערונגען פון טװונגען.

היימישע ארבעט

פארשרײַבט, וועלכע נײַע טוּנגען האָט איר זיך דערוווּסט די לעצטע צײַט.
שרײַבט איבער דעם געדיכט פון דער פארגעבונג 16 אין ערשטער פער-
זאָן מערצאָל.

## 20. צײַטוואָרט, דרײַ צײַטן

פאראיאָרן האָבן מיר געלערנט אין דער צווייטער גרופּע, הײַנט לערנען מיר אין דער דריטער, איבעראיאָר וועלן מיר לערנען אין דער פערטער.

מיט א כוידעש צוריק האָבן מיר געלערנט וועגן פּרעפּאָזיציעס, איצט לער-נען מיר וועגן טוּנגען. אין א כוידעש ארום וועלן מיר לערנען עפּעס אנדערש

צײַטן בײַטן זיך: פריִער האָט יאָסל געהאלטן א קראָם, איצט איז ער אין קאָלאָניע און באארבעט די ערד. (1)

| |
|---|
| א טוּנג קען מען טאָן אין פארשיידענע צײַטן:<br>אין איצטיקער צײַט (מע טוט איצט)<br>אין פריִערדיקער צײַט (מע האָט געטאָן פריִער)<br>אין שפּעטערדיקער צײַט (מע וועט טאָן שפּעטער)<br>דעריבער רופט מען א טוּנג צײַטוואָרט. |

זאָג אונדז, גוטער פעטער,
פעטער שנייער, זאָג, פארוואָס
האָסטו מיט דעם שניי דעם קאלטן
צוגעדעקט דאָס גרינע גראָז.

— איך וועל היטן אײַך די גרעזלעך
פון די קאלטע ווינטער-פרעסט,
און אז ס׳וועט דער פרילינג קומען,
האָט איר ווידער גרינע געסט. (2)

איך האָבן גענומען
דו האָסט גענומען
ער האָט גענומען
זי האָט גענומען
מיר האָבן גענומען
איר האָט גענומען
זיי האָבן גענומען

איך בין געגאנגען
דו ביסט געגאנגען
ער איז געגאנגען
זי איז געגאנגען
מיר זײַנען געגאנגען
איר זײַט געגאנגען
זיי זײַנען געגאנגען (3)

איך בין, דו ביסט, ער איז, מיר זײַנען, איר זײַט, זיי זײַנען:

געבליבן, געגאַנגען, געוואַקסן, געוואָרן, געווען, געזעסן, געלאָפן, געלעגן, געפאַלן, געפאָרן, געפלויגן, געקומען, געשווומען, געשטאַנען, געשטאָרבן, געשלאָפן, געשפּרונגען.

און נאָך עטלעכע, וואָס מירן לערנען שפּעטער.

אויב איר וועט אַמאָל ניט וויסן, צי מע דאַרף זאָגן בײַ א פּעפּעס א טוונג „ער האָט" צי „ער איז" — טוט א קוק אין אָט דער טאַבעלע. (ז. 41)

### א זאַווערוכע

שוואַרצער אָוונט,
ווײַס פאַרשנייט,
ס'ווייט און ווייט;
קוים דער גייער פאַלט נישט אום.
און דער ווינט, ער איז פאַרלאָפן
אַלע שטעגן אום — אַרום.
דער ווינט האָט צעקרײַזט
דעם שנייעלע ווײַסן;
דײַן שריט איז ניט דרייסט —
א מוירע צו שפּרײַזן:
דו גייסט אָפן אײַז.

ס'האָט צעשפּילט זיך דאָס געוויטער,
און עס דרייט, און עס שיט,
ס'קאָן פאַרבלאָנדזשען א געניטער
בײַ די ערשטע צוויי דרײַ טריט.
דרייט דער שניי אין ווילד געיִיל,
הייבט דער שניי א ווײַסן זײַל.
אוך, א שניי, א זאַווערוכע!

שרײַבט אַרויס אין צוויי רובריקעס די טוונגען פון איצטיקער צײַט און פון פריערדיקער צײַט. (4)

— צו וואָס האָסטו אַרײַנגענומען א ראָב אין שטוב אַרײַן?
— מע זאָגט, אַז א ראָב לעבט דרײַהונדערט יאָר, וויל איך זען, צי ס'איז עמעס. (5)

פאַרשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט. (6)

**היימישע ארבעט**

פאַרפילט די ליידיקע קעסטלעך.

| איצטיקע צײַט | פריִערדיקע צײַט | שפּעטערדיקע צײַט |
|---|---|---|
| איך פאַל | | |
| | זי האָט געלאכט | |
| | | איר וועט גיין |
| זיי טרינקען | | |
| | | מיר וועלן עסן |
| | דו האָסט געלאכט | |
| | | זי וועט שווימען |
| דו לויפסט | | |
| ער קומט | | |
| | איר האָט געשריבן | |
| | | זיי וועלן וואשן |
| דו גראַבסט | | |
| | | ער וועט שיסן |
| | זי האָט גענומען | |

## 21. נאָך וועגן צײַטוואָרט

(1) איך וועל נעמען
דו וועסט נעמען
מיר וועלן נעמען
איר וועט נעמען
זיי וועלן נעמען *(2)

### אײנאָוונט

הערט, דער ווינט אינדרויסן ברומט.
מיט לאנגע נעכט דער ווינטער קומט!
זאָגט א מיידל: ווינטער-נעכט
גאָרניט שלעכט.
איך פארליר קיין אייגנבליק —
כ'העפט און כ'שטריק,
כ'שטעפ און כ'ניי,
כ'זינג א לידעלע דערבײַ,
און דער אָוונט איז פארבײַ! (3)

| | | |
|---|---|---|
| כ'העפט<br>איך העפט | } | אלציינם |

### יאם-ליד

כ'האָב פארגעסן אלע ליבסטע,
כ'האָב פארלאָזט מײַן אייגן הויז,
כ'האָב דעם יאם זיך אָפּגעגעבן:
טראָגט מיך יאם צום מוטערס שויס!

און דו מײַרעוו-ווינט געטרײַער,
טרײַבסט מײַן שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מײַן הארץ מיט אָדלער-פליגל
זוכט שוין לאנג צו אים א וועג.

ברענג מיך נאָר אהין בעשאָלעם,
נאָכדעם פלי זיך דיר צוריק.
גריסן זאָלסטו אלע ליבסטע
און דערצייל זיי פון מײַן גליק. (4)

אנשטאָט איך ניי, קען מען זאָגן כ׳ניי
איך האָב — כ׳האָב
איך וועל — כ׳וועל

איך נעם — איז צוויי ווערטער
כ׳נעם — איז איין וואָרט,
נאָר נאָכן כ שרײַבט מען א שטריכל (׳)

(5)

איך וועל — איז צוויי ווערטער.
איכ׳ל — איז איין וואָרט
נאָר נאָכן כ שרײַבט מען א שטריכל

| | | |
|---|---|---|
| איך וועל נעמען | = | כ׳וועל נעמען<br>איכ׳ל נעמען |
| דו וועסט נעמען | = | דו׳סט נעמען |
| ער וועט נעמען | = | ער׳ט נעמען |
| זי וועט נעמען | = | זי׳ט נעמען |
| מיר וועלן נעמען | = | מיר׳ן נעמען |
| איר וועט נעמען | = | איר׳ט נעמען |
| זיי וועלן נעמען | = | זייל׳ן נעמען |

| | |
|---|---|
| מע וועט נעמען- | מ׳וועט נעמען<br>מע׳ט נעמען |

פאַרשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט. (6)

**היימישע ארבעט.**

שרײַבט אויף א דערציילונג מיט געקירצטע ווערטער כ׳ (אנשטאָט איך) און אנד.

## 22. נאָך וועגן צײַטן

נעכטן קום איך אין ע"ל, ערשט עס איז א גערודער.
פרעג איך: וואָס איז? זאָגט מען מיר: אונדזער זשוטשקע איז פארפאלן געוואָרן.

זשוטשקע איז נאָך היַינט אויך ניטאָ. מיר האָבן אים געזוכט נעכטן, מיר זוכן אים היַינט און נאָך אלץ ניט געפונען. (1)

| |
|---|
| אמאָל זאָגט מען א צײַטוואָרט מיט אן איצטי-קער צײַט, כאָטש די טווּנג איז א פריִערדיקע. דאָס מאכט די דערציילונג לעבעדיקער |

א גאנצן טאָג האָבן מיר געזוכט זשוטשקען, אויסגעוועזן אומעטום. וועלוול איז זיכער, אז זשוטשקע וועט אליין קומען צוריק.
מאָרגן קומט זשוטשקע צו אונדז, — אזוי זאָגט וועלוול. מיר האָבן באַשלאָסן, טאָמער וועט נאָך זשוטשקע מאָרגן ניט זײַן, הענגען מיר אויס א מעלדונג. (2)

| |
|---|
| אמאָל זאָגט מען אן איצטיקע צײַט, כאָטש די טווּנג איז א שפּעטערדיקע. דאָס מאכט די רייד זיכערער. |

### דער קליינער פּיִאָנער

געקויפט האָט מאמע שימעלען
א שטערנדל א רויטס.
האָט שימעלע עס אָנגעטאָן
און האָט זיך שטארק געפרייט.

זאָגט די מאמע שימעלען:
קום, שימעלע, אהער!
באווײַז נאָר די מיט די פיסעלעך,
ווי גייט א פּיִאָנער?

ציט זיך אויס דאן שימעלע
און הייבט אויף הויך זײַן קאָפּ,
און מאכט מיט הענט און פיסעלעך,
מיט פיסעלעך טאָפּ-טאָפּ.

דאן זאָגט די מאמע שימעלען:
נו, שימעלע, זײַ גרייט!
הייבט שימען אויף א הענטעלע
און ענטפערט: שטענדיק גרייט! (3)

אמאָל פלעגט מײַן ברודער אָפּט פארפאלן ווערן. אָט שטייט ער באם שטוב און מיטאמאָל — ניטאָ דאָס ייִנגל. מיר אלע פלעגן ארויסלויפן אים זוכן. פיל מאָל פלעגן מיר ארומלויפן באם טײַך און איז פעלד, און ער פלעגט זיך גאָר זיצן ערגעץ אפן הויף באגראָבן און שפּילן זיך. וויפל מיר פלעגן ניט שרײַען, פלעגט ער ניט ענטפערן.

איינמאָל איז ער אזוי אנשלאָפן געוואָרן אף די היי און געבליבן דאָרטן נעכטיקן. באנאכט האָט ער זיך דערשראָקן. פון דעמאָלט אָן ווערט ער שוין ניט פארפאלן. (4)

## פילמאָליקע טוונג

איך פלעג גיין
דו פלעגסט גיין
ער פלעגט גיין
זי פלעגט גיין
מיר פלעגן גיין
איר פלעגט גיין
זיי פלעגן גיין

ער פלעגט גיין } אלציינס
ער פלעג גיין }

## מײַן קעצעלע

איך האָב געהאט א קעצעלע,
א קעצעלע א ווײַס,
מיט אויערלעך צוויי שפיציקע
צו שפירן נאָך די מײַז.

מיט אויגעלעך צוויי געלינקע
ווי עמעסער בורשטין,
וואָס פלעגן אָפט זיך אָנצינדן
און פינקלען גאָלדיק-גרין.

איר קליינע ווײַסע פעלכעלע
געהאט האָט צארטע האָר,
וואָס זי פלעגט טאָמעד רייניקן
און האלטן טאָמעד קלאָר.

און טאָמער פלעגט א טראָפּעלע
ארופאלן אף איר,
דאן פלעג זי נעמען פּוצן זיך
און וואשן אָן א שיר.

דאָס קליינע ווײַסע קעצעלע
געוועזן איז זייער קלוג:
זי האָט געוווּסט דאָס ווינקעלע,
ווו ס'שטייט פון מילך דער קרוג.

און ווו דאָס טעפּל פּוטער איז,
פון שפּײַז-אַלמער דעם פּלאַץ.
א גרויסע גרויסע גאַשערן
געוועזן איז מײַן קאַץ.

שרײַבט איבער, שטרײַכט אונטער די פּילמאַליקע טוונגען (5)

* איך האָב מיט כעוורע געשפּילט זיך אין שטויבן
(אָ, ווי ווײַט איז יענע צײַט פון אונדז, ווי ווײַט),
ניט איינמאָל געקלאַפּט בא שכיינים שויבן
און מיט כעוורע אָף בעזעמער געריַיט.

אָ, איך געדענק מײַן רעבע וועלוול מיט זײַן כיידער,
זײַן באַהעלפער און זײַן קאַנטשעק און זײַן ווײַב,
כ'פּלעג נאָך פרעגן קאַשעס בא מײַן זיידנס סיידער
(אָ ווי ווײַט איז יענע צײַט פון אונדז, ווי ווײַט). *(6)

פאַרשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט. (7)

היימישע ארבעט

שרײַב-אוף, ווי דו האָסט זיך איינמאָל שטאַרק דערפרייט.

## 23. וואָלט

מײַן ברודער עליע גייט-ארום אָן א שטאָך ארבעט. ער קאָן ניט טאָן דאָס, וואָס אונדזער כאַווער פּיניע טוט. פּיניען, לעמאָשל, שטייט אָן נעמען א לאָפּעטע ווינטער און רייניקן דעם שניי פון דער גאַס. עליע זאָגט, אז ער וואָלט אויך געגאַנגען רייניקן דעם שניי, נאָר ניט אין גאַס. זאָגט צו אים פּיניע: וואָס דען האָסטו געוואָלט? מע זאָל דיר ארײַנטראָגן דײַן פּאָרציע שניי אין שטוב ארײַן? (1)

פּיניע רייניקט דעם שניי.
עליע רייניקט דעם שניי.
עליע וואָלט גערייניקט דעם שניי,
נאָר ניט אין גאַס.

רייזל דערציילט: כ'האָב געזען אַ מענטשן, איז ער שוין אַלט 96 יאָר:
ענטפערט פּײַוול: ס'איז גאָרנישט קיין סאַך. ווען מײַן עלטערזיידע וואָלט
געלעבט, וואָלט ער שוין אַלט געווען העכער הונדערט יאָר! (2)

מוישל האָט געקויפט אַ בוך.
ער וואָלט געקויפט אַ העפט אויך,
איז קיין געלט ניט געווען. (3)

| טאַקע | וואָלט |
|---|---|
| איך האָב געקויפט | איך וואָלט געקויפט |
| דו האָסט געקויפט | דו וואָלסט געקויפט |
| ער האָט געקויפט | ער וואָלט געקויפט |
| זי האָט געקויפט | זי וואָלט געקויפט |
| מיר האָבן געקויפט | מיר וואָלטן געקויפט |
| איר האָט געקויפט | איר וואָלט געקויפט |
| זיי האָבן געקויפט | זיי וואָלטן געקויפט (4) |

* מוישל גייט אין שול.
רייזל וואָלט אויך געגאַנגען אין שול,
האָט זי קיין שיך ניט.

* מוישל האָט געקויפט אַ בוך.
ער וואָלט געקויפט אַ העפט אויך,
איז קיין געלט ניט געווען.

* מאשע וועט מאָרגן אָנטאָן אירע נײַע קאַלאָשן.
זי וואָלט אָנגעטאָן אַ נײַעם מאַנטעלע אויך,
דאַרף מען נאָך אים פריִער קויפן.

| * | טאַקע | וואָלט |
|---|---|---|
| איצט | איך קויף | איך וואָלט געקויפט |
| פריִער | איך האָב געקויפט | איך וואָלט געקויפט |
| שפּעטער | איך וועל קויפן | איך וואָלט געקויפט |

(5)

אַמאָל איז געגאַנגען אַ פּויער אין פעלד. דערזעט ער פונדערווײַטנס אַ
האָז. טראַכט ער: כ'וועל כאַפּן דעם האָז און וועל אים פאַרקויפן. פאַרן געלט
וועל איך קויפן אַ הון. די הון וועט לייגן אייער, וועט אויסזיצן הינדעלעך.
די הינדעלעך וועל איך אויסהאָדעווען און פאַרקויפן, און וועל קויפן אַ כאַזער.

דער כאזער וועט האָבן 12 כאזיירימלעך. וועל איך זיי אויסבײַטן אף א קו, די קו וועט זיך קעלבן. וועל איך פארקויפן די קו און די קאלב און וועל קויפן א הויז. צום הויז וועל איך דינגען א שוימער, וועל איך גיין זען, צי ער היט גוט. און טאָמער וועל איך דערזען א גאנעוו וועל איך א געשריי טאָן: „כאפט דעם גאנעוו!“

דערבײַ האָט ער זיך פארגעסן, ווו ער איז, און טאקע א געשריי געטאָן. האָט זיך דער האָז דערשראָקן און איז אנטלאָפן. (6)

* זיצן, זיצן זיבן קינדער
בא א קוואל און ברונען,
בא א קוואל און ברונען;
זאָגט איינער צו דעם אנדערן:
וואָלט מײַן טאטע קומען,
וואָלט מײַן טאטע קומען —
וואָלט איך זיך פארשטעלט פאר א האָז,
וואָלט איך געשפרונגען איבערן גראָז,
וואָלט מיר ווויל באקומען
וואָלט מיר ווויל באקומען.

* וואָלט מײַן טאטע קומען
וואָלט מײַן טאטע געקומען } אלציינם

* איך וואָלט געקויפט
איך וואָלט קויפן } אלציינם

פארשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט. (7)

היימישע ארבעט

שרײַבט-אוף, וואָס וואָלט געווען, ווען דער פויער וואָלט געכאפט דעם האָז.

## 24. עטלעכע שווערערע צײַטווערטער

איך זיץ אין שטוב
דו זיצסט אין שטוב
ער זיצט אין שטוב (1)

דערשרײַבן:

| איך לײַד | איך בינד | איך װיש | איך קריץ |
|---|---|---|---|
| דו . . . | דו . . . | דו . . . | דו . . . |
| ער . . . | ער . . . | ער . . . | ער . . . |
| זי . . . | זי . . . | זי . . . | זי . . . |

ער לײַדט צאָרעס | איך לײַד
ער לײַט געלט | איך לײַ (2)

איך רעד, איך רייד
דו רעדסט
ער רעדט
מיר רעדן, מיר ריידן
איר רעדט
זיי רעדן, זיי ריידן

| | |
|---|---|
| איך עס | איך לאָז |
| דו עסט | דו לאָזט |
| ער עסט | ער לאָזט |
| זי עסט | זי לאָזט |
| מיר עסן | מיר לאָזן |
| איר עסט | איר לאָזט |
| זיי עסן | זיי לאָזן |

דערשרײַבן:

| איך בלאָז | איך װײַז | איך רײַס |
|---|---|---|
| דו . . . | דו . . . | דו . . . |
| ער . . . | ער . . . | ער . . . |
| זי . . . | זי . . . | זי . . . (3) |

שטעלט אויף פראַזעס מיט די צײַטװערטער:
דו זיצסט, דו װייסט, דו װײַזט, ער פאַרבינדט, איר פאַרבינדט, איר לײַט, איר לײַדט, איך האָב גערעדט, זיי האָבן גערעדט, איר רעדט.
פאַרשרײַבט:

> הײַנט האָבן מיר געלערנט, װי מע ענדערט די צײַטװערטער: זיצן, װאַשן, באָדן, רעדן, עסן, לאָזן, און אַנדערע ענלעכע.

**היימישע אַרבעט**

פאַרשרײַבט, װעלכע נײַע װערטער האָט איר זיך דערװוּסט די לעצטע צײַט. שרײַבט באַזונדער סובסטאַנטיװן, צײַטװערטער און אַנדערע װערטער.

## 25. סכעמעס פון פּראַזעס

(1)




(2)




(3)




אויפשטעלן סכעמעס צו די פּראַזעס:
א פּויער האָט דערזען א האָז.
איך וועל כאַפּן דעם האָז.
איך וועל אים פאַרקויפן.
די הון וועט לייגן אייער.




(4)




(5)

ר ע ט ע נ י ש:

אין דער לופט פליט עס,
אף דער ערד ליגט עס,
אפן בוים זיצט עס,
אף דער האַנט שוויצט עס
אפן אויוון צעגייט עס,
א קלוגער פאַרשטייט עס.

שטעלט-אוף פאר יעדער שורע א סכעמע.

| |
|---|
| היינט האָבן מיר געלערנט, ווי מע שטעלט-אוף סכעמעס פון פראזעס |

היימישע ארבעט

שטעלט-אוף סכעמעס צו די פראזעס:

אפן גאס שיט א שניי.
פויערים פאָרן צום מארק.
די פורן צעריַבן דעם שניי.
איינער יאָגט דעם צווייטן.
יינגלעך יאָגן די פורן.
די פויערים טריַבן די יינגלעך.
די גאס עטעמט מיט שניי.

## 26. וועגן שריַבן ריכטיק

(1) שריַבט-אָן, פון וועלכע אויסיעס באשטייען די ווערטער:

לענין (לאמעד, איַען, נון, יוד, נון), רעפּובליק, פּראָלעטאריאט, קאָאָפּעראטיוו, קאָמיוניסט, אינטערנאציאָנאל.

שריַבט-אָן 10 ווערטער, אז דאָרטן זאָלן זיַן די אויסיעס נג (צ. ב. זינגען, געזאנג).

שריַבט אָן 10 ווערטער, אז דאָרטן זאָלן זיַן די אויסיעס נק.

שריַבט אָן 10 ווערטער מיט יוד מעם (ים) צום סאָף און 10 ווערטער מיט איַען מעם (עם).

שריַבט אָן 10 ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן מיט גע.

(ליטוו). שריַבט-אָן 10 ווערטער מיט ש, 10 מיט ם און 5 מיט צ.

(אוקר). שריַבט אָן 10 ווערטער מיט ה אין אָנהייב און 10 ווערטער מיט א, אַ אָדער ע אין אָנהייב.

פארבעַט די אלע איצטיקע צייַטן אף פריִערדיקע:

איך זינג דו שפּרינגסט, ער געפינט, זי געווינט, מיר קלינגען.

| |
|---|
| היינט האָבן מיר זיך געלערנט שריַבן ריכטיק |

היימישע ארבעט

איבערקוקן אלץ, וואָס ס'איז פארשריבן פונעם 16 לימעד ביז איצט.

## 27. צײַטוואָרט (איבערכאזערונג)

(1) איצטיקע צײַט
פריִערדיקע צײַט
שפּעטערדיקע צײַט
איצטיקע צײַט, ווען די טוונג איז א פריִערדיקע
איצטיקע צײַט, ווען די טוונג איז א שפּעטערדיקע
פילמאָליקער צײַטוואָרט (פלעג)
צײַטוואָרט מיט וואָלט
כ׳ אָנשטאָט איך.

(2)

| | איצט. צײַט | פריִער. צײַט | שפּעט. צײַט | פילמאָל. צײַטוו. | צײַטוו. מיט וואָלט |
|---|---|---|---|---|---|
| איינצאָל | | | | | |
| ערשטע פּערזאָן . . . . | | | | | |
| צווייטע „ . . . | | | | | |
| דריטע „ . . . | | | | | |
| מערצאָל | | | | | |
| ערשטע פּערזאָן . . . . | | | | | |
| צווייטע „ . . . | | | | | |
| דריטע „ . . . | | | | | |

* איך רוף מוישען

סוביעקט צײַטוואָרט אָביעקט

| | |
|---|---|
| * איך רוף מוישען | מוישע רופט מיך |
| דו רופסט מוישען | מוישע רופט דיך |
| ער רופט מוישען | מוישע רופט אים |
| מיר רופן מוישען | מוישע רופט אונדז |
| איר רופט מוישען | מוישע רופט אײַך |
| זיי רופן מוישען | מוישע רופט זיי (3*) |

הײַנט האָבן מיר איבערגעכאזערט צײַטוואָרט

## 28. וועגן באטײַט פון ווערטער

**אין קיך קאָכט מען ווארמעס. פּלוצלינג זאָגט א דעזשורער:**
**— די יויך לויפט!**
**ענטפערט דער צווייטער:**
**— טאָ מאך-צו די טיר.** (1)

| |
|---|
| איין וואָרט קען האָבן פארשיידענע באטײַטן |

(2) אז ס'איז ניטאָ מיט וואָס פארבײַסן,
פארבײַסט מען מיט די ליפּן. (2)

איינער א יינגל האָט אמאָל געזאָגט:
— אז איך עס א בייגל, ברעך איך.
וואָס האָט ער דערמיט געמיינט? (3)

א פײַנע אייצע:
— מיר שטעכט אין זײַט
— טאָ שטעך צוריק. (4)

שטעלט-אוף עטלעכע פראזעס מיט די ווערטער: ברענען, פליִען, אָנעמען, וואָס זאָלן האָבן פארשיידענע באטײַטן.

### שנייעלעך

מיר זײַנען ווײַסע שנייעלעך
און פליִען פונדערהייך.
מיר זײַנען גרינג ווי פעדערלעך
און דינינקע ווי רויך.
מיר זײַנען פון דעם וואָלקנדל,
פון אונדזער היים אוועק.
מיר פליִען לאנג און לייגן זיך
דאָ אָפּרוען פון וועג.
עס ווילט זיך רויִק ליגן דאָ,
נאָר שטארקער ווערט דער ווינט.
ער בלאָזט אין קערט און טרײַבט ארום...
אוי, הער שוין אוף אצינד!

| | |
|---|---|
| אוי, שנייעלעך פליִען. | פויגלען פליִען. |
| שנייעלעך לייגן זיך אַפּרוען. | קינדער לייגן זיך אַפּרוען. |
| דער ווינט קערט. | די מאמע קערט אין שטוב. |
| דער ווינט טרײַבט די שנייעלעך. | א פאסטעך טרײַבט א טשערעדע. (6) |

ס'לויפן, ס'יאָגן שווארצע וואָלקן,
ס'פײַפט און ס'ברומט דער ווינט. (7)

קיווע דער פוילער

אלע קינדער ארבעטן, נאָר קיווע זיצט ליידיק. ער איז פויל און וויל ניט ארבעטן. רופט זיך אָן דער קלוגער הערשל:

— קיווע, דו זיצסט ליידיק? דארף מען דיך אָנשטאָפּן מיט היי!

| | |
|---|---|
| דער זאק איז ליידיק | קיווע זיצט ליידיק (8) |
| דער קאסטן איז ליידיק | |

היינט האָבן מיר געלערנט וועגן באטײַטן פון ווערטער.
איין וואָרט קען האָבן פארשיידענע באטײַטן.

היימישע ארבעט

טראכט-צו פראזעס מיט צווייערלייִקע באטײַטן פון די ווערטער:
בעטן, וועגן, זון, קילן, שטערן, שלייפן.

## 29. נאָך וועגן באטײַט פון ווערטער

רעטעניש:

פליט אָן פליגל,
מויערט אָן ציגל,
לייגט זיך ווי א האר,
שטייט אוף ווי א נאר.

(1) שניי

רעטעניש:

א לעבעדיקער שלאָגט א טויטן,
דער טויטער שרײַט
און ס'הערט זיך ווײַט.

(2) גלאָקנקלעפּל

ווינטער

די פעלדער ליגן שוין באגראָבן אין דעם ווײַסן קיטל פון שניי, די ביימער דאָרט שטייען אָפּגעשמיסענע, נאקעטע, אראָפּגעלאָזן די קעפּ, און די צווײַגן געפּענטעט מיט קייטן פון פליטערלעך, פרענטעס אײַז. פון פייגל און וואלד-כײַעלעך איז גיטאָ קיין שפור, אלע ווי אויסגעשטאָרבן: די ליגן באַהאלטן טיף אין די לעכער, יענע האָבן באצײַטנס געמאכט א פלייטע — אוועק, וווהין די אויגן טראָגן. און אומעטום איז שא, שטיל. נאָר וואָראָנעס דרייען זיך ערטערוויַיז ארום אין דער לופט, עפּעס האָבן זיי געשעפטן: כאסענעס אָדער גלאט אזוי אסיפעס וועגן קאָהעלשע זאכן — און ווייסט זיי דער גוטער יאָר, וואָס זיי קראקען דאָרט, קרעכצן, רײַסן זיך די העלדזער...

שרײַבט-איבער און שטרײַכט אונטער די ווערטער, וואָס האָבן דאָ, אין דער באשרײַבונג, אנדערע באטײַטן ווי אלעמאָל. (3)

אף א האלבן דאך דארף מען 50 שינדלען.
וויפל דארף מען אף א גאנצן דאך? (4)

אן אלטער מאן — אן אלטע בלוזע
ער לייענט הויך — ער שבײַט הויך (5)

דערשרײַבן די פארקערטע באטײַטן:
אלט, קאלט, הויך, גיך, טרוקן, אומעטיק, אומגעזונט, ליכטיק, שפעט, זעלטן.

סאָרקע זינגט זעלטן שיין | ריווקע זינגט אָפט שיין

פארשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט.

היימישע ארבעט

וועלכע נײַע ווערטער האָט איר זיך דערוווסט די לעצטע צײַט?
דערשרײַבן די פארקערטע באטײַטן:
אָפט, ברייט, דאר, הייס, העל, ווארעם, טונקל, נייטיק, פריילעך, קארג, שטארק, שטיל. (6)

## 30. זאך. קאָמע צווישן זאצן

דער ברודער לייענט א בוך, די שוועסטער מאָלט מענטשעלעך. דאָס קינד שרײַט. די מאמע רופט די שוועסטער. (1)

דער ברודער לייענט א בוך, די שוועסטער מאָלט מענטשעלעך. דאָס קינד שרײַט. די מאמע רופט די שוועסטער. (2)

| פראַזע | סכעמע |
|---|---|
| דער ברודער לייענט א בוך, די שוועסטער מאָלט מענטשעלעך. | 1) דער ברודער — — לייענט / א בוך / 2) די שוועסטער— —מאָלט / מענטשעלעך (3) |

אויב מע קען מאכן פאר א פראַזע איין סכעמע, איז עס איין זאץ,
אויב מע דאַרף צוויי סכעמעס—איז עס צוויי זאצן.

וויפל סכעמעס — אזויפיל זאצן

| צוויי פראַזעס—צוויי זאצן | איין פראַזע—צוויי זאצן: |
|---|---|
| דער ברודער לייענט א בוך. | דער ברודער לייענט א בוך, |
| די שוועסטער מאָלט מענטשעלעך. | די שוועסטער מאָלט מענטשעלעך |

א פראַזע קאָן זײַן איין זאץ.
א פראַזע קאָן זײַן מער ווי איין זאץ.

ווען אין פראַזע איז צוויי זאצן, שטעלט
מען צווישן זיי א קאָמע.

דער ברודער לייענט א בוך, די שוועסטער מאָלט מענטשעלעך, דאָס קינד שרײַבט. (4)

| | |
|---|---|
| דער ברודער לייענט א בוך, | דער ברודער לייענט א בוך. |
| די שוועסטער מאָלט מענטשעלעך. | די שוועסטער מאָלט מענטשעלעך, |
| דאָס קינד שרײַבט. | דאָס קינד שרײַבט. (5) |

**פראזע**

די מאמע וויל, די שוועסטער זאָל אײַנשטילן דאָס קינד.

**סכעמע**

1) די מאמע — וויל

2) די שוועסטער — זאָל אײַנשטילן

דאָס קינד (6)

פיניע הייסט קלעצל דערפאר. ווײַל ער איז גראָב און קײַלעכיק ווי א קלעצל.

וואָס פאר א גרײַז איז דאָ?

וועלוול איז א שווארצער.
רופט מען אים קאָטער.

וועלוול איז א שווארצער,
רופט מען אים קאָטער. (*7)

**שטאָט**

פון אויבן איז דראָט,
און פון אונטן איז דראָט.
פון אויבן איז הימל,
פון אונטן איז שטאָט. (8)

עסט ניט שעמט זיך.
(אזוי זאָגט א באלעבאָסטע, ווען זי איז מעכאבעד א גאסט)
ווו פעלט דאָ א קאָמע?

**היימישע ארבעט**

שטעלט־אויף סכעמעס צו די פראזעס:

איך וועל כאפּן דעם האָז, וועל איך אים פארקויפן.
די הון וועט לייגן אייער, וועט זי אויסזיצן הינדעלעך.
איך וועל קויפן א הויז, וועל איך האלטן א שוימער, וועט ער היטן.

פארשרײַבט:

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר געלערנט וועגן זאץ. ווען אין איין פראזע איז עטלעכע זאצן, שטעלט מען צווישן די זאצן קאָמעס. |

## 31. ווי מע דערציילט וועגן עמעצנס רייד

(1)

| |
|---|
| טירע — |
| צווייפונקט : |

— ווי רופט מען דיך?
— טרעף!
— זאָג מיר דײַן נאָמען, וועל איך טרעפן, ווי מע רופט דיך. (2)

— היי, פעטערל, האָסט דאָ ניט באגעגנט א קעלבל?
— א וואָסער קעלבל? מיט א בענדל אפן האלדז?
— יע, מיט א בענדל!
— און מיט אן אויסגעריבן זײַטל?
— יע, יע, דאָס איז עס טאקע!
— ניין, כ'האָב ניט געזען.

(3)

קיווע איז בא זיך זייער גרויס. אז מע זאטשעפעט אים, שרײַט ער אויס: „צי ווייסט איר, ווער איך בין? קיינער איז צו מיר ניט גלײַך!" ענטפערט אים איינמאָל הערשל, א קלוגער יינגל: „אָהאָ! א קרומער איז צו דיר ניט גלײַך!" (4)

| |
|---|
| „ פיסלעך " |

| |
|---|
| אז מע גיט איבער, וואָס עמעצער זאָגט, שטעלט מען פאר יענעמס רייד א צווייפונקט (:), און די רייד אליין אין א באזונדער שורע און מיט א טירע א-פריער (—). אָדער די רייד אליין נימט אין קיין בא-זונדער שורע און מיט „פיסלעך" פון ביידע זײַטן. |

(5) עליע מאכט טינט

מײַן ברודער עליע האָט געמאכט עפשער טויזנט פלעשער טינט. אז מוישע איז ארײַנגעקומען צו אונדז און דערזען אזויפיל פלעשער טינט, האָט

ער זיך דערשראָקן און זיך געגעבן אזש א וואָרף צוריק. דערזעט מײַן ברו־דער עליע, און עס קומט פאָר צווישן די צוויי א מאָדנער שמועס. איך גיב אײַך איבער דאָ דעם שמועס וואָרט בא וואָרט.

וואָס האָט איר זיך אזוי דערשראָקן? וואָס איז בא דיר פאר א פלע־שער? וואָס זאָל זײַן? ווײַן! וואָסער ווײַן? ס'איז דאָך טינט! וואָס־זשע פרעגט איר? וואָס וועסטו טאָן מיט אזויפיל טינט? טרינקען! ניין איך מיין אָן קאטאָוועס, וועסט פארקויפן לאאכאָדים אויך? וואָס בין איך, א מעשוגע־נער? אז פארקויפן, וועל איך פארקויפן 10 פלעשער, 20 פלעשער, 50 פלע־שער, דאָס ווערט אָנגערופן הורט.

פארשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט.

הײמישע ארבעט

שרײַבט־איבער די מײַסע „עליע מאכט טינט", צעשטעלט, ווו מע דארף, די טירעען און יעדערנס רייד שרײַבט אין א באזונדער שורע.

## 32. באפעל

דו לייענסט שלעכט. לייען בעסער. (1)

| | |
|---|---|
| פרײַערדיקע צײַט — דו האָסט געלייענט<br>איצטיקע צײַט — דו לייענסט<br>שפּעטערדיקע צײַט — דו וועסט לייענען | לייען — באפעל |

ווי לייענט איר? לייענט בעסער! (2)

| באפעל |
|---|
| איינצאָל — לייען |
| מערצאָל — לייענט |

(3)

— יאנקל, זאָג דעם פערד „טפררו!"
— זאָג אליין!
— איך קען ניט.
— וואָסי?
— די ליפּן זײַנען פארפראָרן (4)

* — **מאמע, גיב מיר נאָך א פּירעשקע.**
— **נעם מענדל, אפן פּריפּעטשיק שטייט א פולע שיסל!**
— **איך וויל שוין ניט. כ'האָב געמיינט, ס'איז שוין מער ניטאָ!** (5)

**דערשרייַבן באפעלן איינצאָל און מערצאָל:**

| | | |
|---|---|---|
| גיין | — גיי | — גייט |
| זען | — . . . | — . . . |
| קומען | — . . . | — . . . |
| שרייַען | — . . . | — . . . |
| קלינגען | — . . . | — . . . |
| זינגען | — . . | — . . . |
| האָרעווען | — . . . | — . . . |
| ריידן | — . . . | — . . . |
| בינדן | — . . . | — . . . |
| שלאָפן | — . . . | — . . . |

שלאָף גיכער: מע דאַרף די קישן!

מייַן קינד, צו וואָס לויפסטו אין וואלד
באַנאַכט אַזוי געשווינד?
דייַן שוועסטערל איז דאָרט ניטאָ.
אָ, בלייַב מיט מיר, מייַן קינד!

עס איז דאָרט קאַלט, א טיפער שניי,
עס רוישט א בייזער ווינט.
אליין, אליין וועסטו דאָרט זייַן.
אָ, בלייַב מיט מיר, מייַן קינד!

אָ, מאמע, מאמע, לאָז מיר גיין,
ניט שרעק זיך און ניט וויין.
גלייב מיר, א'ך וועל געפינען באַלד
מייַן שוועסטערל אין וואלד.

איך קען ניט זיצן רויִק דאָ.
אוי, וויי איז מיר און ווינד.
איך וועל געפינען זי אין וואלד,
עס שרעקט מיך ניט דער ווינט. (6)

**פאַרשרייַבט, וואָס האָט איר הייַנט געלערנט.**

**היימישע ארבעט**

**אופשטעלן א דערציילונג מיט באפעלן.**

## 33. ווענדונג און אויסרוף

די מאמע גיט איר קינד א קיכל און זאָגט:

— נעם, כײַעם, דאָס איז פאר דיר מיט עטעלען. צעטייל זיך מיט איר מיט יוישער.

— מאמע, וואָס הייסט מיט יוישער?

— צעשנײַד, כײַעמל, אף דער העלפט, און טאָמער וועט איין שטיק זײַן א גרעסערע, גיב עס עטעלען.

טראכט כײַעמל און טראכט. לעסאָף זאָגט ער צו דער שוועסטער:

— נא, עטעלע, צעטייל דו מיט מיר דעם קיכל מיט יוישער. (1)

אין דער דערציילונג זײַנען דאָ 4 ווענדונגען. געפינט זיי. באמערקט די קאָמע בא די ווענדונגען (2)

| |
|---|
| אז מע רופט אָן יענעם, וואָס מע ווענדט זיך צו אים מיט רייד, הייסט עס — **ווענדונג.**<br>בא א ווענדונג שטעלט מען קאָמעס. |

מײַן קינד, צו וואָס לויפסטו אין וואלד?

צו וואָס, מײַן קינד, לויפסטו אין וואלד?

צו וואָס לויפסטו אין וואלד, מײַן קינד? (3)

שרײַבט-אוף 9 פראזעס: 3 מיט באפעלן, 3 מיט פראגעס, 3 אָן באפעלן און אָן פראגעס.

פון יעדערע 3 זאָל אין איינער זײַן א ווענדונג אין אנהייב, אין איינער אין מיטן, אין איינער אין סאָף. פארגעסט ניט די קאָמעס.

הײַ, איך וועל אין שטוב ניט בלײַבן!
שווער דאָ זײַן, ווען גאס זיך שנייט!
הײַ, זאָל ווינטל מיך אומטרײַבן,
ווי עס טרײַבט ארום דעם שניי.
עך, ווי גרינג, ווי שניי איז גלאנציק,
ווי ער לייגט זיך כלופ און כלאָפ!
הײַ, ווי זאָל איך איצט ניט טאנצן,
ווען עס טראָגן פיס און קאָפּ?
אוי, וווּ זײַט איר, אלע קינדער!
זעט, ניט גייט אין שטוב ארײַן!
נו, פארשלאָפט איר אזא ווינטער,
וועט איר קיינמאָל לוסטיק זײַן! (4)

אָ, בלײַב מיט מיר, מײַן קינד! (5)

* אָהאָ! א קרומער איז צו דיר ניט גלײַך! (6)

| |
|---|
| נאָך אן אויסרוף שטעלט מען אָדער א קאָמע, אָדער אן אויסרופצייכן. עס ווענדט זיך, ווי מע וויל עס לייענען. |

פארשרײַבט:

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר געלערנט ווענדונג און אויסרוף. בא א ווענדונג און בא אן אויסרוף שטעלט מען קאָמעס. |

היימישע ארבעט.

אופשטעלן א דערציילונג מיט ווענדונגען און מיט אויסרופן.

## 34. צווייפונקט.

(1) אין די גרויסע פרעסט האָב איך ניט געקענט לערנען: מיר איז געווען קאַלט.

גאָלדע לערנט קיינמאָל ניט: זי איז א פוילערקע.

איך וויל מיט דיר קיין אייסעק ניט האָבן: שטענדיק רייצסטו זיך.

איך קען זיך איצט ניט שפּילן: איך דארף ארבעטן. (2)

אין די גרויסע פרעסט האָב איך ניט געקענט לערנען: מיר איז געווען קאַלט.

אין די גרויסע פרעסט האָב איך ניט געקענט לערנען, ווײַל מיר איז געווען קאַלט.

פיניע הייסט קלעצל: ער איז גראָב און קײַלעכדיק ווי א קלעצל (3)

| |
|---|
| ווען מע וואָלט געקענט צושטעלן ווײַל אָדער וואָרעם, שטעלט מען אנשטאָט ווײַל אָדער וואָרעם א צווייפונקט (:) |

וועלוועלען רופט מען קאָטער, ווײַל ער איז א שווארצער (4)

א ייִנגעלע בעט אין קראָם א קילאָ ברויט. פרעגט אים דער פארקויפער:

— וואָס פאר א ברויט ווילסטו — ווײַסברויט צי שווארצברויט?

ענטפערט ער:

— ס'איז אלציינס, ווײַל ס'איז פאר א בלינדן פעטער. (5)

שרײַבט-איבער און שטעלט-אַרײַן די פּאַרפּעלטע צווייפּונקטן:
מע דאַרף לופטערן דעם צימער אַפילו ווינטער מע דאַרף האָבן פרישע לופט צום אָטעמען.
איך וועל ניט אַראָפּפאַלן איך האַלט זיך פאַרן הענטל פון קריגל.
איך קען ניט זאָגן דעם פערד „טפּררו!" די ליפּן זײַנען פאַרפראָרן.
שלאָף גיכער מע דאַרף די קישן.

דערשרײַבט (טראַכט צו אַליין):
יאַנקעלע איז אַראָפּגעפאַלן פון פערד: . . . .
פרילינג איז פרײלעכער ווי ווינטער: . . . .
מע דאַרף ניט פרײלעכער ווי ווינטער: . . . .
מע דאַרף ניט גיין ווינטער אָן אַ מאַנטל: . . . .
לעניגס אָנדענק איז אונדז טײַער: . . . . . .
ווינטער זעט מען ווייניקער פייגלען ווי זומער: . . . .

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר געלערנט וועגן צווייפּונקטן,<br>וואָס שרײַבט זיך אָנשטאָט **ווײַל** אָדער **וואָרעם** |

היימישע אַרבעט
טראַכט-צו פּראַזעס מיט **ווײַל** אָדער **וואָרעם** און שרײַבט-איבער די זעלביקע פּראַזעס מיט צווייפּונקטן.

## 35. אַלערליי צייכנס

(1)

| |
|---|
| פּונקט . |
| פרעגצייכן ? |
| אויסרופצייכן ! |
| קאָמע , |
| צווייפּונקט : |
| טירע — |
| קלאַמערן ( ) |
| פיסלעך „ " |

(2)

ס'איז אַ שטוב וואָס יעדער האָט אַ צונעמעניש וואָס דאַרפט איר מער די קאַץ שוין גאָר אַ שטומע צונג הייסט זי בּאַ זיי פייגע-לייע די גאַבע-

טע איר ווייסט פארוואָס דערפאר וואָס זי איז א גראָבע און פייגע-לייע נאכ-מען דעם גאבעס ווײַב איז אויך א גראָבע ווײַל מיינט איר האָבן זיי שוין געכאפט פעטש דערפאר זיי זאָלן ניט רופן קיין קאץ מיט א מענטשלעכן נאָ-מען ווי אן ארבעס אין וואנט האָבן זיי געגעבן עמעצן א צונעמעניש איז פארפאלן. (3)

— דו לייענסט גוט, מייערקע?

— יע, איך לייען גוט. איך וואָלט נאָך בעסער געלייענט, ווען ניט די קאָמעס.

## די באָבע אין וואלד-שטיבעלע.

אין יענער נאכט בין איך אין געוויסן, גרויסן און ווילדן וואלד געווען, בא דער באָבע אין איר שטיבעלע אן אוירעך געזעסן, און שטיל און שווײַגנ-דיק איניינעם מיט איר אין אָוונט און אין שטילקײַט אף איר אלטן געווארט.

אינדרויסן איז א ווינט געווען. געדרייט און געטאָן זיך האָט אין וואלד עפּעס פאר דער טיר באנאכט, און אין שטיבעלע האָט א קאנעצל געברענט שוואך אף די ווענט אָפּגעשײַנט און שטיל און אומעטיק די באָבע באלויכטן.

זײַנען מיר א צײַט איינס קעגן אנדערן געזעסן, איך נישט איר און זי נישט מיר קיין וואָרט נישט געזאָגט, נאָר שטיל זיך אָנגעקוקט און געשוויגן אזוי לאנג און זייער לאנג, ביז די באָבע האָט זיך כאמעלעך פון איר אָרט פון איר לאנגן אָוונט-זיצן אופגעהויבן, צום אויוון צוגעגאן, זיך אונטער אים אָנגעבויגן, שפּענדלעך און צווײַגן ארויסגענומען, אפן פריפּעטשיק אָנגעלייגט און א פײַער אָנגעצונדן. (4)

> אָפּטמאָל שרײַבט מען ניט קיין קאָמע,
> כאָטש אין ריידן הערט מען זי.

## אין שרײַבן היט אָפּ נײַע שורעס.

### א ווייל ייִנגל

אָדער דו, מאמע, טראָג ארײַן האָלץ און איך וועל זיצן אין שטוב, אָדער איך וועל זיצן אין שטוב און דו טראָג ארײַן האָלץ.

(5)

פארוואָס מאכט מען ניט קיין אויוון
פון פוטער ווײַל ס'וועט צעגיין?
פאריכט די גרײַזן אין די צייכנס.

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר איבערגעחזרט אַלע צייכנס, וואָס מיר האָבן געלערנט, און זיך דערוווסט וועגן נײַע שורעס. |

**הײמישע ארבעט**

שרײַבט איבער און צעשטעלט די פארפעלטע צייכנס. (6)

### מאָטלס שקאָצערײַען

פעסיע האָט זיך צוגעטשעפּעט צו דער מאמען איך זאָל דערווײַלע זײַן בא איר בא פעסיען וואָס וועט אײַך ארן האָט זי געטײַנעט עס גייען בא מיר צום טיש צוועלף וועט ער זײַן א דרײַצנטער מײַן ברודער עליע זאָגט מאכטייסע אבי ער זאָל נאָר ניט זײַן קיין שייגעץ און עס בלייבט אז איך וועל זײַן דערווײַל בא אונדזער שכיינע פעסיע נאָר ביטנײַ איך זאָל ניט זײַן קיין שייגעץ אלצדינג הייסט בא זיי א שייגעץ אָנהענגען דער קאַץ א פאפיר אפן עק זי זאָל זיך דרייען הייסט בא זיי א שייגעץ קלאפּן מיט א שטעקל איבער די גראטעס פון גאלעכס הויף אלע הינט זאָלן זיך צונויפלויפן הייסט בא זיי א שייגעץ אָפּשטעקן בא ליבקע דעם וואסערפירער דעם צאפּן פון דעם פאַס ס׳זאָל אויסלויפן העכער האלב וואסער הייסט בא זיי א שייגעץ דיין גליק וואָס דו ביסט א יאָסעם זאָגט צו מיר ליבקע דער וואסערפירער אניט וואָלט איך דיר איבערגעבראָכן א האנט מיט א פוס.

## 36. וועגן שרײַבן ריכטיק

(1)

| |
|---|
| כ׳ווייס = איך ווייס<br>ס׳איז = עס איז |

| |
|---|
| כ. לענין = כאווער לענין |

| |
|---|
| פ. ס. ס. ר. = פארבאנד פון סאָציאליסטישע סאָוועטישע רעפּובּליקן |

(2)

שרײַבט אָן, וואָס באַטײַט וו. ס. ס. ר.

" " " או. ס. ס. ר.

" " " ר. ס. פ. ס. ר.

— וועלכע גרויסע מענטשן ווייסטו?
— איך ווייס וועגן מארקסן, לענינען א. א.

| א. א.=און אנדערע |
|---|

| וו. אי. לענין=וולאדימיר אילימוש לענין |
|---|

שרײַבט-אויף 10 ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן מיט א יוד (י)
שרײַבט-אויף 5 ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט צוויי יודן (יי)

וואָס פאר א וואָרט איז עס: יוד, אײַען, נון, אײַען, רייש?
וואָס פאר א וואָרט איז עס: אלעף, צוויי יודן, נון, אײַען, רייש?

בא מייער יאָפע זײַנען פאראן 8 קינדער און יעדערנס נאָמען הייבט זיך אָן מיט א יוד. די ייִנגלעך — יאָסל, יאנקל, יויעל, יעכיִעל, יויסעף; די מיידלעך — יענטל, יודעס, יאָכע.

בא ניאָמע ניורינסאָן רופט מען אלע קינדער עפּעס מאָדנע ווייך: הניע, פאניע, מאניע, ליובע, סיאָמע, זיאמע, עליע. מאניע איז מײַנע א כאוועררטע. העניע איז יענע, וואָס מיט די געלע האָר. עליע האָט אויך געלע האָר. מאניע שפּילט נאָך אין ליאלקעס, העניע איז שוין אן עלטערע. זי ארבעט אין א ביבליאָטעק. (3)

| הײַנט האָבן מיר געלערנט וועגן ריכטיק שרײַבן געקירצטע ווערטער, ווערטער מיט יוד א. א. |
|---|

(4)

## 37. וועגן בּיכער

(1)

| וועגן געלייענט | אווטאָר | נאָמען | אָרט | יאָר | וויפל זײַטלעך | מײַן מיינונג |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | | |

(2) פארשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט.

היימישע ארבעט:

פארשרײַבט די ביכער, וואָס איר האָט געלייענט די לעצטע צײַט.

## 38. סובסטאנטיוון מיט ־ערײַ, ־עניש

כאַסיע מיט שעפטלען האָבן זיך צעשמועסט: וואָסער באשעפטיקונג איז בעסער. זאָגט כאַסיע: מיר געפעלט שוסטערײַ און שנײַדערײַ.

— אוי, ענטפערט שעפטל, א שוסטער און א שנײַדער דארפן זיצן שטענדיק געבייגן. איך וויל אזא מעלאָכע, וואָס זאָל זײַן אפן פרישן לופט און אנטוויקלען די מוסקולן.

— נו, זאָגט כאַסיע, איז דעמאָלט בויערײַ.

— זעסטו, ענטפערט שעפטל, בויערײַ איז טאקע עמעס גוט, אָבער בויער האָבן ארבעט נאָר א האלבן יאָר. אין טאָך געפעלט מיר שפינערײַ און וועבערײַ, ווײַל א שפינער אָדער אַ וועבער ארבעט אף גרויסע מאשינעס, אָבער אין זייערע פאבריקן איז שטויביק.

— איך, זאָגט כאַנע, וועל גאָר אויסקלײַבן דרוקערײַ: א דרוקער ווייס דער ערשטער אַלע נײַס.

— איז אויב אזוי, ענטפערט שעפטל, וועל איך זיך גאָר פארנעמען מיט שרײַבערײַ, ווײַל דער שרײַבער ווייס דאָך נאָך פריִער פארן דרוקער.

— און ווי ועסטו אנטוויקלען דײַנע מוסקולן? — פרעגט כאַסיע. דו ווייסט אליין ניט, וואָס דו ווילסט. דו קענסט נאָר קלײַבן און גאָרנישט טאָן. איך וואָלט דיר בעסער געייצעט אנדערע זאכן מיט ערײַ, — לויפערײַ, רײַסערײַ, שטיפערײַ, נאשערײַ, פלאפלערײַ. פאר אזא פלאפלער ווי דו, וואָלט עס זײַן אָנגעמאָסטן: ניט קיין באשעפטיקונג, אי אסאך טאָן, אי גאָרנישט ארפטאָן. (1)

שרײַבט ארויס די סובסטאנטיוון מיט ־ערײַ.

צוויטשי, צוויטשי, צוויטשערײַ —
פרילינג קומט שוין אפדאָסנײַ.
פייגל גרויסע,
פייגל קליינע,
אלע פריילעכע און שיינע,
קומען מיט א צוויטשערײַ
מיטן פרילינג אפדאָסנײַ. (2)

דער יעריד האָט זיך אויסגעשטעלט, ווי גרויס ער איז. פערד און מענטשן און וואָגן און קי, און כאזיירים און אויפעס און קארקעס און מולטערס, און

אלץ, וואָס אַף א יעריד קאָן זײַן, האָט זיך אויסגעמישט אינײנעם. דאָ איז א לויפעניש, דאָ — א שטופעניש, דאָרט—א שטיקעניש; קײנער איז ניט זיכער מיטן לעבן. אומעטום אן אײַלעניש, א שפּארעניש און טומל. אביסל אָן א זײַט שטײט עפּעס א מאָדנער מענטש מיט בלינדע אויגן און אויסגעדרײטע הענט און פּיס און זינגט. די זינגערײַ קלינגט אָפּ אין געטומל, ווי די קריצערײַ פון א שארפער פײַל אַף א פּארזשאווערטער זעג. גאָר פון דערווײַטן הערט זיך א פײַפערײַ — דאָס פײַפן די ציגײַנער צו דער יאָגעניש פון פערד אפן פעלד-מארק; דאָס אלץ איז יעריד.

שרײַבט ארויס אין 2 רובריקעס די סובסטאנטיוון מיט **-ערײַ** און מיט **-עניש**. (3)

| | |
|---|---|
| פון אײַלעניש קומט קײן גוטס ניט ארויס | אז מע אײַלט זיך, קומט קײן גוטס ניט ארויס *(4) |

פארשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט. (5)

**הײמישע ארבעט**

פון ארומלויפעניש האָט מען א הארצקלאַפּעניש. פון אסאך רײדערײַ ווערט טרוקן אין מויל. פון שפּרינגעניש מאטערט מען זיך גיך אײַן. פון שווימערײַ אנטוויקלען זיך די האנט-מוסקולן. פון כאַפּעניש איז א קנאַפּע אָרדענונג. פון זידלערײַ לײַדן בײדע צדדים. פון שטופּעניש ווערט ניט גע-ראמער, נאָר ענגער. פון בארימערײַ קומט ניט צו גיט יענעם ניט זיך.

איבערמאכן אזוי, אז עס זאָלן ניט פאָרקומען די ווערטער, וואָס פאר-ענדיקן זיך מיט **-עניש** און **-ערײַ**.

## 39. סובסטאנטיוון מיט -קײַט, -שאפט

דער גרעסטער כאָכעם זאָגט אמאָל א **נארישקײַט**. מי און **פעיִקײַט** קענען אלץ דערגרײכן. מיט ליגן און **פאלשקײַט** קען מען ווײַט ניט אוועק-גײן. **אָפּגעלאָזנקײַט** ווירקט אמאָל שטארקער ווי **אָרעמקײַט**. **בעריע-שאפט** קען איבערשטײַגן **קלוגשאפט**. **רײנקײַט** און **ליכטיקײַט** גאראנ-טירן געזונט.

שרײַבט ארויס די אויסגעטײלטע ווערטער. (1)

**אײדלקײַט א טרוקן שטיקל ברויט.**

**וואָס פאר א גרײַז איז דאָ?**

(2) פון דידאָזיקע ווערטער מאַכן סובסטאַנטיוון מיט -ער, -עניש, -קײַט, -שאַפט (װעלכע מע קען). שרײַבן בא יעדערן א באַשטימוואָרט.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אָרעם | שטיפן | דרייסט | גרין | פרײַנט |
| וויסט | פײַפן | טיף | גרינג | פײַכט |
| קענען | יאָגן | ווײַס | וויסן | ווײַט |

סובסטאַנטיוון מיט
-ערײַ
-עניש
-קײַט
-שאַפט
זײַנען צווייטער מין

וואָס האָט איר הײַנט געלערנט? (3)

היימישע ארבעט

טראַכט-צו א מײַסעלע וועגן א ווינטערדיקן גליטש, אז עס זאָלן פאָרקומען סובסטאַנטיוון מיט -קײַט.

## 40. סובסטאַנטיוון—צונויפזאַצן

פרילינג

לויטערע ווינטן, פרישערע טעג —
ווײַזט אויס, דער פרילינג, איז שוין אין וועג.
די זון שײַנט אף בערגעלעך גלאַנציקן שניי,
ס'הערט זיך א פריילעכער קינדער-געשריי.
ריטשקעלעך פליסן, קײַקלען זיך שטיל.
ס'איז דען א פרילינג? ס'איז דאָך א שפיל!
ווארעמע שטראַלן באַשײַנען דעם וועג.
אך, האָב איך ליב אָט די פרילינג-טעג!

קינדער-געשריי—געשריי פון קינדער,
קינדערשער געשריי.
פרילינג-טעג—טעג פון פרילינג,
פרילינגדיקע טעג.

# קינדער-געשריי, פרילינג-טעג זײַנען צונויפזאצן.

| |
|---|
| א וואָרט, אופגעשטעלט פון צוויי ווערטער,<br>הייסט א צ ו נ ו י פ ז א ץ |

די שנייען-טוכן ליגן ניט באַרירט
דאָרט אין באהעלטעניש פון וואלד פון טיפן, —
נאָר ווו א וועג א העלער פירט,
איז יעדער צווײַג מיט ווינט שוין דורכגעשליפן.

שנייען-טוכן — טוכן פון שנייען,
שנייענע טוכן (1)

דערשרײַבט:

די מאכט פון די ראטן הייסט ראטנמאכט
דאָס לאנד פון די ראטן . . . . . .
דער ראט פון שטאָט הייסט . . . . .
א פלאץ פאר קינדער . . . . . . .
א היים פאר קינדער . . . . .
דער טאָג פון די פרויען . . . . . .
א בוך צום לערנען . . . . . . . .
א בוך צום לייענען . . . . . . . .
א צימער פאר די לערערס . . . . . .
א צימער, ווו מע עסט . . . . . . . .

קינדער-געשריי
קינדערגעשריי } אלצייינס

| |
|---|
| ווען א צונויפזאץ איז א לאנגער, קען מען שרײַבן<br>אינמיטן א בינדשטריכל (-) |

יעדער מענטש האָט א קאָפּ,
אָבער ניט יעדערער איז א קאָפּמענטש.

וואָס הייסט קאָפּמענטש?

וואָס פאר א קוילן זײַנען ענלעך אוף שטיינער?
וואָסערע טרערן רירן ניט דאָס הארץ?

ציבעלע-טרערן.

א רײַכער (2)

דאָקטער: פון אָט דער רעפוע נעמט אלע דרײַ שאָ א טיי-לעפעלע.
כוילע: איך קען זיך פארגינען אן עס-לעפל אלע דרײַ שאָ. איך בין א רײַכער מענטש.

פארשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט. (3)

היימישע ארבעט

דערשרײַבט:

א מאשין צום נייען הייסט ניימאשין
א מאשין צום שרײַבן . . . . . . .
א מיל, וואָס דער ווינט טרײַבט . . .
א מיל, וואָס וואסער טרײַבט . . .
ארבעט, וואָס מע טוט אין שול . . .
יויך פון פיש הייסט . . . . . . .
פיש פון יויך הייסט . . . . . . .
אן אָוונט אין פרילינג . . . . . . .
אן אָטריאד פיאָנערן . . . . . . .

פארשרײַבט, וועלכע נײַע ווערטער האָט איר זיך דערוווּסט די לעצטע צײַט.

## 41. נאָך וועגן צונויפזאצן

די קריִע גייט —
און ברעגן נעמען ברייט
דעם וואסער-יאָך
אף אקסלען ווייך באוואקסענע,
און לאָזעס בוקן זיך
פאר זונען-פרייד.

— — — — — — — — —

העל איז זונען-פרייד!
אף טײַך אף פרײַען קריִע גייט!
און שטענגלעך בוקן זיך:
מיר זײַנען גרייט, מיר זײַנען גרייט... (1)

א שיינע זאך

ארויס זײַנען יאטן מיט א פויק און א פאָן,
די הויפישע קינדער קוקן זיי אָן.
דאָס ארמענערל שרײַט: Будь готов! Ура!
און דאָס רויטינקס קלאפט אפן פײַקל — או-ווא!

ווי א קלעזמער א רעכטער, אן עכטער,
ווי א געלערנטער סאָלדאט,
קלאפּט ער צום טאַקט,
פּונקט ווי ער זינגט:

פויקנקלאפּער אלטער
פויקנקלאפּער אלטער
פויקנקלאפּער אלטער
שטארקער קלאפּ! (2)

ענטפערט שריפטלעך:
ווי הייסט דער וואָס קערט דעם קוימען?
דער וואָס מאכט קונצן?
דער וואָס פּוצט שטיוול?
דער וואָס שפּילט פידל?
די וואָס באַקט בייגל?
דער וואָס מאכט היטלען?
דער וואָס לעשט פייער?
דער וואָס שלאָגט הינט?

א יינגל האָט דיך געשלאָגן? טאָ
רוף אים הינטשלעגער.

אין אמעריקע בויט מען הויכע הייזער, פון 30, 40 עטאזשן און
נאָך מער. אזעלכע מויערן רופט מען **הימלקראצער**.
פארוואָס רופט מען זיי אזוי?

א רעגן, וואָס גייט זומער, איז א **זומעררעגן**.
א שיסל צום וואשן איז א **וואַששיסל**.
דער ראט פון די רינגלער הייסט **רינגלערראט**. (3)
שרייבט איבער די 3 פראזעס.

פארשרייבט, וואָס האָט איר היינט געלערנט.

היימישע ארבעט

טראכט-צו 10 צונויפזאצן און שטעלט אויף פר..זעס מיט די ווערטער.

## 42. וועגן באַטײַט פון ווערטער

### פרילינג

דער שניי איז צעגאנגען,
דערוואכט האָט די וועלט,
די זון שיט מיט שטראלן,
און שמייכלט און קוועלט.
און מאכנעסוויַיז קומען
די פייגל צוריק

מיט פריילעכע לידער
טשיריק און טשיריק.
עס קומען די פייגל,
עס ציט זיי אהיים,
צום נעסט צו דעם אלטן,
געפלאָכטן באם בוים.

ווו זיַינען דאָ ווערטער מיט באַטײַטן, אנדערש ווי די געוויינלעכע? שרייַבט-איבער דאָס ליד און שטרייַכט אונטער אזעלכע ווערטער.

### יאם-ליד

אָנגעברויגעזט האָט דער יאם זיך
און געקנייטשט זיך און געקרימט —
פלוצים האָט ער זיך צעבייזערט,
און ער וויגט זיך און ער ברומט.

און אָט לויפן שוין אנטקעגן,
ווילד און בייז, מיט וויַיסן שוים,
כוואליעס-לייבן, כוואליעס-שלאנגען,
אויסגעוואקסן פון דעם טהאָם.

אָט האָט זיך א טאָל געעפנט,
אָט שטייט אוף א הויכער בארג —
פלאטער זעגל! בויג זיך, מאסטבוים!
דו מיַין הארץ, בלײַבסט פעסט און שטארק. (1)

| | |
|---|---|
| דעם קינדם הענטלעך | א הענטל פון א קאָשעק, פון א פען. |
| דעם קינדם פיסלעך | פיסלעך פון א טיש |
| דעם קינדם קעפל | א קעפל קרויט (2) |

שטערן קען זיַין א סובסטאנטיוו און קען זיַין א צייַטוואָרט.

מיַין שטערן איז באגאָסן מיט שוויים.
איך בעט דיך, זאָלסט מיר ניט שטערן.
אינאָוונט זעט מען אפן הימל שטערן.

טראכט-צו פראזעס מיט די ווערטער באָדן, באקן, נעמען, דרוקן, אז זיי זאָלן זיַין איין מאָל צייַטווערטער, א צווייטן מאָל סובסטאנטיוון.

### טעוויע דערציילט שאָלעם-אליי כעמען וועגן זיַין לעבן

ס'איז שוין פאוואָלינקע, איך זאָל אייַך זאָגן אקוראט, אזוי גרויס ווי א יאָר מיט א מיטוואָך, דאָס הייסט פונקט ניַין יאָר אָדער צען און עפשער נאָך

מיט א סמיטשיק. איך בין דעמאָלט געווען, ווי איר זעט מיך אַטאָ, גאָר ניט דער וואָס איצטער, דאָס הייסט טאקע דער אייגענער טעוויע, נאָר פּאָרט ניט דער, ווי זאָגט איר: די אייגענע יענטע, נאָר אנדערש געשלייערט. דעהײַנע וואָס? איך בין געווען, ניט פאר אײַך געדאכט, א קאפּצן אין זיבן פּאָלעס. כאָטש אפילע, אז מע וויל שמועסן דאָס אייגענע צוריק, בין איך נאָך איצט אויך ניט קיין נאָגיד. נאָר ווערלעק אמאָל, בין איך הײַנט, הייסט דאָס, א ייִד מיט א פערד און וועגעלע מײַן אייגנס, מיט קיין אײַנהאָרע בעהיימעלעך א פּאָר, וואָס מעלקן זיך מיט נאָך איינער, וואָס האלט אָט אָט בא אָפּקעלבן זיך... (3)

## ווערטלעך

א יאָר מיט א מיטוואָך
מיט א סמיטשיק
ווי זאָגט איר
די אייגענע יענטע, נאָר אנדערש געשלייערט
(ניט פאר אײַך געדאכט)
א קאפּצן אין זיבן פּאָלעס
שמועסן דאָס אייגענע ווידער צוריק
(קיין אײַנהאָרע) (4)

## וואָס הייסט **ווערטלזאָגער?**

| |
|---|
| היינט האָבן מיר געלערנט וועגן פארשיידענע באטייטן פון ווערטער און וועגן ווערטלעך. |

**היימישע ארבעט**

**שרײַבט-אויף 5 — 10 ווערטלעך.**

## 43. ווערטלעך

### (1) טעוויע דערציילט ווײַטער

בעקיצער, וואָס-זשע האָב איך אײַך אָנגעהויבן צו דערציילן? יאָ, בין איך הייסט דאָס, דעמאָלט געווען א ביטערער אָרעמאַן, געשטאָרבן, ניט פאר קיין ייִדן געדאכט, מיט ווײַב און קינדער דרײַ מאָל א טאָג פון הונגער אכוץ וועטשערע, געהאָרעוועט האָב איך ווי אן אייזל, געשלעפּט קלעצער פונעם וואלד צום וואָקזאל א פולן וואָגן, עס זאָל אײַך צו קיין כארפּע ניט זײַן, פאר צוויי גילדן א טאָג, און דאָס ניט אלע טאָג. און דערמיט גיי האלט

אויס, קיין אײַנהאָרע, אזא שטוב מיט פיקערס, זאָלן געזונט זײַן, מיט א פערד אף קעסט, וואָס באַדאַרף קײַען אלע טאָג, גאָר אָן א שום טערעק.

איינמאָל פארנאכט פאָר איך מיר אזוי זומער־לעבן אין וואלד, שוין צוריק אהיים, אָן די קלעצער; דער קאָפּ אין דער ערד, אפן הארצן וויסט און פינצטער; דאָס פערדל נעבעך, קוים וואָס עס פלאָנטערט מיט די פיס, כאָטש האק, כאָטש בראָק. „קריך, זאָג איך, שלימאזל, אין דער ערד אריין גלײַך מיט מיר, ווייס אויך, וואָס באַטײַט א טאָנעס אין א לאנגן זומער־טאָג, אז דו שטייסט אײַן בא טעוויען פאר א פערד".

שרײַבט ארויס פון טעוויעס דערציילונג די ווערטלעך. (2)

| |
|---|
| א ווערטל דארף מען פארשטיין |

געהאָרעוועט האָב איך ווי אן אייזל. (3)

שרײַבט אָן עטלעכע פארגלײַכענישן.

| |
|---|
| היינט האָבן מיר געלערנט ווערטלעך און פארגלײַכעני |

היימישע ארבעט.

אופשרײַבן א דערציילונג מיט עטלעכע ווערטלעך און פארגלײַכענישן.

## 44. צוגאָב בא א צײַטוואָרט

פארטאָג, ס'איז געווען נאָך גוט פינצטער, האָט גדאליע אראָפּגע־שלעפּט פון די באלקעס דעם זומער־שפאַן, האָט אים ארײַנגעשלעפּט אין שטאל און געמאכט אים גרייט צום שפאנען. נאָך דעם האָט ער איינער אליין ארויסגעשלעפּט פון שפײַכלער עטלעכע זעק טווועו, איינער אליין האָט ער זיי ארופגעשלעפּט אפן וואָגן, געשפאנט דעם פערד און גע־לאָזט זיך אין מיל ארײַן. (1)

דער וועג איז געווען קריטיק: ווו שניי, ווו בלאָטע, האָט גדאליע זיך ארופגעלייגט אף די זעקלעך טווועו און פארלאָזט זיך אף זײַן בולא־נעם, אז ער וועט שוין אליין ברענגען וווהין מע דארף. פּלוצלינג: טראך! דער בולאנער האָט ארופגעשפּארט דעם וואָגן אף א נאָך ניט צעטײַעט בערגל שניי און האָט אלץ ארויסגעקוליעט אין קאנאווע. גדאליע האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס פעלצל, אראָפּגעשלײַדערט דאָס היטל און

גענומען זיך צו דער ארבעט. ער האָט צוריק **אַרײַנגעלייגט** די הײ אין וואָגן, אײנציקווײַז **אַרויסגעצויגן** די זעק פון קאנאווע, קוים **אַרופגע-לייגט** זיי אפן וואָגן און פארטיק.

געפאָרן איז ער שוין אהיים, ניט אין מיל, ווײַל די זעקלעך האָבן פאר-זוכט אביסל קאנאווע-וואסער. אף צוריקוועגס האָט ער זיך שוין אפן בולאנעם ניט פארלאָזט.

שרײַבט-איבער אלע אויסגעטיילטע ווערטער אין פיר רובריקעס:

| מיט אַרײַנ- | מיט אַרויס- | מיט אַרופ- | מיט אַראָפּ- |
|---|---|---|---|
| | | | |

איך האָב אַרײַנגעשלעפּט

איך שלעפּ אַרײַן

איך וועל אַרײַנשלעפּן

(2)

אַ צײַטוואָרט קען האָבן אַ צוגאָב:
אַרײַן, אַרויס, אַרופ, אַראָפּ.

שפּעטער וועט איר לערנען נאָך אנדערע. (3)

דערשרײַבן פארקערטע באטײַטן:

| | |
|---|---|
| אַרײַנגיין — אַרויסגיין | אַרופקריכן — |
| אַרײַנפאָרן — | אַראָפּוואַרפן — |
| אַרויסלויפן — | אַרופציען — |
| אַרײַנקריכן — | אַראָפּדרייען — |
| אַרויסשפּרינגען — | אַרופקלעטערן — |

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר געלערנט 4 צוגאָבן בא צײַטווער-טער: אַרײַן, אַרויס, אַרוף, אַראָפּ. |

הײמישע אַרבעט

אויפשטעלן 10 פראַזעס מיט צײַטווערטער, וואָס האָבן צוגאָבן.

## 45. נאָך צוגאָבן בא צײַטווערטער

### טעוויע און מענאַכעם-מענדל.

עס איז געבליבן, אַז מיר שליסן שותפעס, איך לייג־אַרײַן געלט, און מענאַכעם-מענדל סייכל.

איך האָב **אַרויסגענומען** די עטלעכע קערבלעך, דרײַ מאָל **איבער־געציילט, צוגערופן** די אַלטע מײַנע פאַר אַן איידעס, **דורכגערעדט** זיך מיט אים נאָך א מאָל, ער זאָל וויסן, וואָס פאַר א בלוטיק געלט דאָס איז, **אַוועקגעגעבן** מענאַכעם-מענדלען, אַרײַנגענייט אים אין בוזעם אַרײַן, מע זאָל דאָס כאָלילע בא אים ניט **אַוועקלאַקכענען**, און **אָפּגערעדט** מיט אים, אַז ניט שפּעטער פון נאָכשאַבעסדיקער וואָך דאַרף ער מיר **אַרײַנ־שרײַבן** א בריוול פון אַלצדינג, זיך **אָפּגעזעגנט** מיט אים פײַן, שיין, צע־קושט זיך גאָר פרײַנטלעך און **פאַנאַנדערגעגאַנגען** זיך, ווי געוויינטלעך מיט אַן אייגענעם. (1)

| נאָך צוגאָבן בא צײַטווערטער: | אַוועק |
|---|---|
| | דורך |
| | צו |
| | פאַנאַנדער |
| | אָפּ |
| | איבער |

שרײַבט איבער די דערציילונג אין איצטיקער צײַט. (2)

| אַוועק . . . געבן | אַוועק . . . געגעבן |
|---|---|
| אַוועקגעבן | אַוועקגעגעבן |

שטעלט אויף פראַזעס מיט די צײַטווערטער: געגאַנגען, געלאָפן, געפאָרן, געטראָגן, געפלויגן, געשלעפּט—מיטן צוגאָב אַוועק.

דערשרײַבט פאַרקערטע באַטײַטן:

| | |
|---|---|
| אופהייבן — | פאַנאַנדערוואַרפן — |
| איבערקריכן — | צולויפן — |
| אוועקפּאַטערן — | אוועקוואַרפן — (3) |

וועלכע נײַע צוגאָבן בּאַ צײַטווערטער האָט איר הײַנט געלערנט?

היימישע אַרבעט

שטעלט-אוף אַ דערציילונג, דאָרטן זאָל זײַן ניט ווייניקער ווי 6 צײַט-ווערטער מיט צוגאָבן.

## 46. נאָך צוגאָבן בּאַ צײַטווערטער

### עליע באַקומט אַ בּוך

מײַן ברודער עליע האָט **אויסגעלייענט** ערגעץ אף די בּלעטער, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ בּוך אף דער וועלט, וואָס לערנט, ווי מע קען פאַרדינען געלט דורך פאַרשיידענע רעצעפּטן. וויבאַלד ער האָט נאָר **איבערגעלייענט**, האָט ער באַלד **אוועקגעשיקט** אף דער פּאָסט אַ קערבּל און האָט **אָנגע-זאָגט** דער מאַמען אַ בּסורע, זי זאָל ניט זאָרגן מער וועגן פּאַרנאָסע.

מיר האָבן דאָס נאָר **אויסגעפּאַקט**, האָט מײַן ברודער עליע זיך **צו-געכאַפּט** לייענען דאָס בּוך. וויי-וויי, וואָס ער האָט דאָרט **אויסגעלייענט**. וויפיל סגולעס אף צו מאַכן געלט דורך די רעצעפּטן! רעצעפּטן אף שוואַקס, לימאָנאַד, סאָדע-וואַסער. ער האָט זיך **אוועקגעזעצט** און **אויסגעלערנט** אים אף אויסווייניק. פון אַלע רעצעפּטן האָט ער פאַר זיך געפונען דעם פּאַ-סיקסטן — טינט. ער דאַרף נאָר גיין אין אַפּטייק און ברענגען „פּראָשקעס", וועט אַלץ זײַן פּאַרטיק.

שרײַבּט אַרויס די אויסגעטיילטע ווערטער און שטרײַכט אונטער די צוגאָבן. (1)

דערשרײַבּט איינעם פון די צוגאָבן: אײַן, אַרײַן, אויס, אַרויס, אוף, אַרוף, אָפּ, אַראָפּ.

. . . . נעמען אַ גאַסט.
. . . . נעמען צוריק דעם בּוך.
. . . . נעמען אַ רעפּוע.
. . . . נעמען אַן עמער פון ברונעם.
. . . . נעמען דעם זייגער פון וואַנט.
. . . . נעמען דעם הונט אין שטוב.
. . . . נעמען דאָס קינד אפן קאַנאַפּע.

. . . קלאַפּן דעם וועג מיט שטיינדלעך.
. . . . קלאַפּן אַ שטויביקע דעקע.
. . . . קלאַפּן אַ רייף אַף אַ פּאַס.
. . . . קלאַפּן אַ צוואַק אין וואַנט.
. . . . קלאַפּן אַ פינגער.
. . . . קלאַפּן אַ רייף פון אַ פאַס.

שטעלט־צו דעם פּאַסיקן וואָרט אַפן אָרט פון די פּינטעלעך.

זי פלעגט זיך . . . . . . . . דאָס האַרץ — אָפּריידן
איך וואָלט אים קענען . . . ער זאָל מיט דיר גוט ווערן — אויסריידן
ער קען . . . . . . . . . . דריי שאָ נאָכאַנאַנד — איבערריידן
מאָרגן וועל איך מיט אים . . . וועגן דעם איניען — דורכריידן
אַז איך וואָלט זיך מיט איר . . וואָלט זי מוידע געווען — איינריידן

דערשרייבט אַ פּאַסיקע פּרעפּאָזיציע.

ער איז אַרונטערגעקראָכן . . . . . . . טיש
זי איז אַריבערגעקראָכן . . . . . . . פּלויט
זעליק איז נאָכגעלאָפן . . . . . . . . הונט
דאָס קינד איז צוגעלאָפן . . . . . . . גאַניק
איך בין אַרופגעקראָכן . . . . . . . . באַרג
דו האָסט זיך אַראָפּגעגליטש . . . . . באַרג

ר ע ט ע נ י ש:

וויאַזוי קען מען אָפּרייסן אַ צווייַגל און ניט איבערשרעקן אַ פויגל, וואָס זיצט אַפן צווייַגל?

אָפּוואַרטן, ביז ער וועט אוועקפליען.

**ש פּ אַ ס ן**

— דו האָסט אָפּגעשיילט דעם עפּל?
— אָפּגעשיילט.
— ווו האָסטו אַהינגעטאָן די שאָלעכץ?
— אויפגעגעסן.

* * *

— פאַרוואָס האָסטו אָנגעטאָן די זאָק אַף דער לינקער זייַט?
— ווייַל אַף דער רעכטער זייַט איז אַ לאָך.

* * *

— זע, זאָרעך, מאַך צו דעם פענצטער, עס איז אינדרויסן שרעקלעך קאַלט.

— עס וועט גאָרניט העלפֿן, כּײַעס, ווען איך וועל אפילע צומאכן דעם פענצטער, וועט אינדרויסן אלציינס ווארעמער ניט ווערן. (3)

* * *

א קליין מיידעלע איז געפאלן, שרײַט זי:
— מאמע, הייב מיך אוף!
— קום אהער, מײַן קינד, וועל איך דיך אופהייבן.

* * *

געצל זאָגט צו וועלוועלען: וועק מיך אוף פונקט 2 אזייגער.
ענטפערט וועלוול: גוט, קלאפ מיר אָן אין וואנט, וועל איך דיך גלײַך אופוועקן. (4)

פארשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט. (5)

היימישע ארבעט

טראכט-צו א דערציילונג, וויאזוי א ייִנגעלע האָט ארויסגעראטעוועט א קינד פון וואסער.

שטרײַכט אונטער אלע צוגאָבן בא די צײַטווערטער.

## 47. צושטעל בא א צײַטוואָרט

### אפן ברעג טײַך

א קליין שטעטעלע שטייט באם ברעג פון א ברייטן טײַך. די עטלעכע צענדליק געזינדן, וואָס באוווינען דאָס שטעטל, ציִען פונעם טײַך זייער כעיונע.

פרילינג, ווי נאָר דאָס אײַז גייט אוועק און עס באווײַזט זיך דאָס מוטנע וואסער, פארשפרייט זיך א קאָכיק לעבן איבערן ברעג. דער שניי פארדעקט נאָךביידע ברעגן, נאָר ווו-ניט-ווו קוקט ארויס די שווארצע, פײַכטע און פעטע ערד. אין א ליכטיקן טאָג, ווען די זון דערווארעמט די פארקילטע לופט, גיסן זיך אָן אופהער און רוישן מיט א הילכיקער פריילעכקײַט מוטנע שטראָמען וואסער פון די דערבײַיִקע פעלדער און וועלדער און פארשווענקען די ברעגן פונעם טיפן און אָנגעשוואָלענעם טײַך.

און דערזעען עס די שטעטלדיקע און דערפילן זיי דעם ערשטן טרייסל פון אײַז, פארבינדן זיי זיך שוין מיטן נאסן גליטשיקן ברעג, ביז דאָס גרויסע וואסער וועט צוריק פארשווינדן. דעמאָלט הילכט דער ברעג: מע לאָדט באטן מיט האָלץ און מיט שווערע ריזיקע קלעצער. (1)

## א סרייפע

דער הימל צום שטעטל איז מיטאמאָל ליכטיק געוואָרן, ווי א רויט-ברע-נענדיקע, ליכטיקע כמארע פון א ליכטיקן יאם האָט זיך **פארבלאָנדזשעט** אינעם פינצטערן נאכט-יאם ארײַן און **האָט** א האלבן הימל **באלויכטן**. אונטן אף דר'ערד האָט געפלאקערט, איין וואָלקן פײַער האָט געקוילערט זיך אין צווייטן ארײַן און זיי האָבן געפלאמט אינייגעם און געשטיגן אין הימל ארײַן און אונטערגעצונדן א שטיק הימל. דאָס פײַער **האָט פאריאָגט** די מענטשן פון די הײַזער, **האָט פארטריבן** זיי און אליין געטראָגן זיך פון דאך צו דאך. ווי פון ווילדע מידבאָריעס האָט ער זיך אהער דערקײַקלט און **האָט באדעקט** דאָס גאנצע שטעטל, **האָט** אלץ, אלץ **פארסארפעט**, איבערגע-לאָזן הוילע מענטשן און פוסטע כורוועס. (2)

| | |
|---|---|
| יאָגן | — האָט געיאָגט. |
| פאריאָגן | — האָט פאריאָגט. |

| | |
|---|---|
| בלײַבן | — איז געבליבן. |
| פארבלײַבן | — איז פארבליבן. |

(3)

| | |
|---|---|
| יאָגן | — האָט געיאָגט. |
| פאריאָגן | — האָט פאריאָגט. |
| ארויסיאָגן | — האָט ארויסגעיאָגט. |

| צושטעל | צוגאָב |
|---|---|
| ער פאריאָגט | ער יאָגט ארוים |
| ער דעריאָגט | ער יאָגט אראָפּ |
| ער צעיאָגט | ער יאָגט ארוף |

| | | |
|---|---|---|
| | גיין | — געגאנגען |
| צושטעל | פארגיין | — פארגאנגען |
| | דערגיין | — דערגאנגען |
| | באגיין | — באגאנגען |

| | |
|---|---|
| צוגאָב | ארויסגיין — ארויסגעגאנגען<br>אריַינגיין — אריַינגעגאנגען<br>ארופגיין — ארופגעגאנגען |

פארשריַיבט, וואָס האָט איר היַינט געלערנט. (4)

**היימישע ארבעט**

איבערמאכן און איבערשריַיבן אין דער שפּעטערדיקער ציַיט די דערציי־לונג „אפן ברעג טיַיך", אָנהייבנדיק פון „פרילינג".

## 48. נאָך וועגן צושטעל בא א ציַיטוואָרט

ראבטשיק האָט נאָך פון לאנג-אָן געציטערט פאר די איבעריקע שטאָט-הינט. נאָר זינט פאראסקע האָט אים אָפּגעגאָסן מיט א קריגל קאָכיק וואסער און זיַין פעל האָט זיך **צעשפּאָלטן** אף שטיקער, איז זיַין פאכעד נאָך גרע-סער געוואָרן. די פליגן האָבן **צעפרעסן** די וווּנד. די וווּנד האָט זיך **צע-שפּרייט** איבערן גאנצן רוקן, איז ער געגאנגען און געקוקט אף די זיַיטן טאָמער רירט אים ווער אָן.

שטייענדיק אמאָל לעם די קאצאָווים, ווען די העקער האָבן צעהאקט דאָס פלייש אף שטיקער, געוואָרפן א שטיקל הויט, א ביינדל, האָט ער נאָר געקענט באטראכטן, ווי די סטאדע הינט צעשיט זיך, יעדערער קליגט זיך אונטערשפּרינגען אקוראט דאָרט, ווו מע באדארף, און איטלעכער הונט, בע-שאס ער באקומט זיַין כיילעק, צעלייגט זיך מיט גרויסקיַיט און פּראוועט די סודע, קוקט זיך ארום אלעוויַילע אף די איבעריקע הינט, ווי איינער רעדט:

— איר זעט א ביין? דאָס איז מיַינער א ביין, און איך עס אים. (1)

מוישע האָט **צעשטעלט** די פּארטעס
מע האָט **צעשלעפּט** דעם פּלויט ברעטלעכוויַיז
דער טיש איז **צעפאלן** אף שטיקלעך
דער ווינט האָט **צעטראָגן** די שטרוי
יאנקל האָט **צוגעשטעלט** דעם טיש צום ווענטל
איך האָב **צוגעשלעפּט** דעם וואָגן צום פּלויט
דאָס קינד איז **צוגעפאלן** צו דער מאמען
ער האָט מיר **צוגעטראָגן** א שמועל. (2)

| צעשטעלן = פאנאנדערשטעלן |
|---|
| פאנאנדער —<br>צע — } אלציינס |

צוגאָב **צו** שרײַבט זיך מיט א וואָוו (ו)
צושטעל **צע** שרײַבט זיך מיט אן אײַען (ע)

שרײַבט איבער און דערשרײַבט ווו מע דאַרף **צוגע** אָדער **צע**.

ער האָט . . . . . שניטן דעם פּאַפּיר
איך האָב . . . . . וואָרפן די וואַנט
זי האָט . . . . . נומען דעם בוך פאַר זיך
נאָכעם האָט . . . זעגט די קלאָץ אױף ברעטער
דו האָסט . . . . . האנגען די בילדער
זי האָט . . . . . . בראָכן דעם בלײַער
דו האָסט . . . . . ריסן די העפט
זי האָט . . . . . . כאַפּט בא מיר מײַן פען
מייער האָט . . . בונדן דעם פערד צום פּלויט (3)

הײַנט האָבן מיר געלערנט דעם צושטעל צע און די צו-גאָבן צו און פאַנאַנדער. א צוגאָב קומט אין איצטיקער צײַט נאָכן צײַטוואָרט, אין פריערדיקער און שפּעטערדיקער צײַט — אין אָנהייב צײַטוואָרט:

ער נעמט-צו
ער האָט צוגענומען
ער וועט צונעמען

א צושטעל קומט שטענדיק אין אָנהייב צײַטוואָרט:

ער צענעמט
ער האָט צענומען
ער וועט צענעמען

בא א צוגאָב קומט אין פריערדיקער צײַט גע- אינמיטן, צווישן צוגאָב מיטן צײַטוואָרט:

ער האָט צוגענומען

און בא א צושטעל קומט אין פריערדיקער צײַט גאָר קיין גע- ניט:

ער האָט צענומען.

היימישע ארבעט

אופשטעלן 6 פראזעס מיטן צוגאָב צו- און 6 פראזעס מיטן צושטעל צע-.

## 49. וועגן שרײַבן ריכטיק

באַ אונדז אין גאס האָבן גאנאָווים באפאלן א קאָאָפּעראטיוו. באַ אונדז אין שול האָט מען באזאָרגט די קינדער מיט לערנביכער. דער פעטער האָט מיך דערקענט פונווײַטן. ער איז אנטלאָפן, האָט דער טאטע אים דעריאָגט. איך וועל קומען פרי אין קלוב און וועל פארנעמען פאר דיר אן אָרט. פאר דער גאנצער צײַט האָט זי נאָר היינט פארשלאָפן דעם ערשטן לימעד. הײַיאָר וועלן מיר פארזייען קלעווער פאר אונדזער קו. באַ פּריוואטע הענדלער באַצאָלט מען טײַערער פאר סכוירע. באַ אונדז אין גאָרטן באווײַזן זיך שוין קנאָספן אף די ביימער.

שרײַבט איבער און שטרײַכט אונטער די פּרעפּאָזיציעס באַ, פאר און דעם באשטימווארט דער מיט איין שטריך; די צושטעלן — באַ-, פאר-, דער- — מיט צוויי.

| | |
|---|---|
| באַ (פּרעפּאָזיציע) | באַ (צושטעל) |
| באַ אונדז | באפאל |
| פאר (פּרעפּאָזיציע) | פאר (צושטעל) |
| פאר דיר | פארנעמען |
| דער (באשטימווארט) | דער (צושטעל) |
| דער פעטער | דערזען |

ווי דער הונט האָט געכאפּט א טכויר

באַ אונדז אין שול האָט מען באשטימט מאכן אן עקסקורסיע אין וואלד. דערוואָרט זיך אף א שיינעם ליכטיקן טאָג, איז דער לערער אוועק מיט אונדז אין וואלד. נאָך אונדז איז נאָכגעלאָפן דער הונט פון שול. אין וואלד זעען מיר, דער הונט איז צוגעלאָפן צו א בוים, גענומען ארומלויפן ארום אים. עפּעס שטארק שמעקן און בילן. דער לערער האָט אונדז גלײַך דערקלערט די סיבע: אונטער א בוים האָט זיך אונטערגעגראָבן א טכוירל און דער הונט האָט אים דערשמעקט. באלד האָט אים דער הונט ארויסגעיאָגט פון זײַן נאָרקע,

דער טכויר איז א ווײַלע געלאָפן אָן און אָטעם, נאָר דער הונט האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך אים און האָט אים געפּאקט, ווען ער האָט באדארפט איבער-שפּרינגען איבער א קאנאווע. דער הונט האָט צוגעטראָגן צו אונדז נאָך א לע-בעדיקן טכויר, ער האָט אים נאָר אביסל צעביסן. מיר האָבן אים אוועקגע-טראָגן אין שול. (1)

אז איך וואָלט געהאט א שיף און אן עראָפּלאן, וואָלט איך ארומגע-פאָרן די גאנצע וועלט.

אהין לאָזט מען ניט, אהער טאָר מען ניט, דארף מען נעמען א שטול און אנידערזעצן זיך דאָ.

אז א גאנצע געזינד זאָל אופעסן אזא שטיק ברויט, קען מען זאט זײַן א גאנצן טאָג.

א פערד קען אליין אופעסן נאָך 5 אזעלכע שטיקער, אכוצדעם נאָך היי אביסל און בלײַבן ערשט „ווי א פערד מיט א צוקערלעקעך".

ווען ער וואָלט זיך גוט געלערנט, וואָלט ער אצינד געווען שוין א שילער פון דער פערטער גרופּע און אפילע פון דער פינפטער. (2)

פארשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט. (3)

## 50. צײַטוואָרט מיט „זיך"

### פרילינג-בילדל

עס ווארעמט אויבן די זון אין הימל און אף דער ערד אונטן. דאָס אײַז שפּאלט זיך, ריינע וואסערלעך געבירט און לויטער-קוואלן עפנט.

און עס עפנט זיך, און עס לאָזן זיך וואסערלעך איצט פון אומעטום, פון הויף, פון גאָרטן, פון אונטער-וועג און אונטער-פּלויט; עפענען זיך, לאָזן זיך, לויטער, ריין און רינען שטיל, נעמען זיך צונויף, איינס מיטן אנדערן, שטיל מיט שטילערס, קליינס מיט קלענערס, שטיל מיט זײַטעלעך, מיט רוקנד-לעך, מיט קלאָרע וואסער-ליסקעלעך; שלענגלען זיך, דרייען זיך, קומען פון אלע זײַטן אָן, גיסן זיך צונויף, שנײַדן די גאסן דורך. יאָגן זיך און פלייצן, ביז עס זופט זיי לעסאָף די ראשעדיקע גאס-ריטשקע ארײַן: זופּ... זופּ... כליופּ... כליופּ... און עס רינען ריינע וואסערלעך אָן מאָס און אָן אופהער. באטאָג און באנאכט. פון ריטשקעס אין ריטשקעס, פון ריטשקעס אין גראָבן און פון גראָבן אין טײַך.

און עס רינען זיך אזוי די וואסערלעך, שטיל און פּאמעלעך און שטיל און פּאמעלעך ציִען זיי אזוי די קעלט פון אײַז ארויס. ליב און הארציק גייט אזוי דעם דרויסן פון הארצן אָפּ און עס ווערט אים אזוי גרינג, אזוי לינד; עס ווערט אים אזוי גוט און אפן הארצן אופגעלייגט, טאקע עמעס גוט און אופגעלייגט. (1)

שרײַבט ארויס אלע צײַטווערטער מיט „זיך“ אין איין רובריקע און אָן „זיך“ אין א צווייטער.

| אָן „זיך“ | מיט „זיך“ |
| --- | --- |
| | |

### דער אײַזגאנג

דאָס וואסער לויפט פון די בערג און עס גיסט איבערן אײַז. פונדערווײַטנס הערט א קנאַק. א שטיק אײַז, א האלבער טײַך קומט אָן און רײַסט ווײַטער. דאָס וואסער רוישט שטראָמענדיק אין א רינע פון צווישן צוויי שטיקער אײַז און מיט א ראש שטראָמט עס פון דער רינע ארויס און עס לעכערט דאָס אײַז, אף וועלכן עס רינט ארוף. א כוואליע וואסער קומט אָן צו לויפן און גיט א גאָס איבערן אײַז. באלד נאָך דער כוואליע הערט א קנאַק. דאָס אײַז שפּאלט און א ריזיק שטיק פון אים שטעלט קאַפּויר און ווערט די רעגע צעשמעטערט אף שטיקלעך. דאָס וואסער לאָזט אין א שטארקן שטראָם ארויס פון זײַן געפרוירענער דעקע, מיטשלעפנדיק די הארוגים, די צעבראָכענע שטיקער אײַז, און מאכנדיק מיט זיי א שפּילעכל, א דריידל אין קאָן, צווישן צוויי כוואליעס, וואָס איינע וויל די צווייטע כאפּן און פאנטשן אין פּאָנעם ארײַן.

דאָ איז אין עטלעכע ערטער פארפעלט דער וואָרט „זיך“ בײַ א צײַטוואָרט. שרײַבט-איבער און שטעלט-צו „זיך“, ווו איר פארשטייט אליין. (2)

וואַש זיך,
קעם זיך,
שער זיך
אָפּט —
וועסטו זײַן געזונט! (3)

| היינט האָבן מיר געלערנט צײַטווערטער מיטן וואָרט „זיך“ |
| --- |

פון דארף

שלעפט זיך א וואָגן ווײַט אפן שאָסיי,
גייט זיך אין וואָגן אָ פערדל געשפאנט,
זיצט דאָרט א פויער, די לייצעס אין האנט,
טראָגט זיך זײַן קאָל אין דער לופט נאָכאנאנד:
גניאדע, גיי, גניאדע, גיי.

סקריפּעט דער וואָגן זיך אפן שאָסיי,
טראָגט זיך אַן עכאָ אין לופטן און פאלט
אריבער דעם פעלד און אריבער דעם וואלד,
מורמלט דער פויער זיך: עך, ס׳איז נאָך קאלט!
גניאדע, גיי, גניאדע גיי.

ענטפערט פון ערגעץ א האָן מיט א קריי,
ווייסט שוין דער פויער איצט ריכטיק די צײַט,
שטעלט זיך אים פאָר דאָן זײַן כאטקע פון ווײַט,
דרייט ער די בײַטש אין דער לופטן און שרײַט:
גניאדע, גיי, גניאדע, גיי.

שרײַבט ארויס די צײַטווערטער מיט „זיך" און שטעלט אויף צו יעדן צײַטוואָרט א פראזע.

## 51. נאָך וועגן צײַטוואָרט מיט „זיך"

### פרילינג-ליד

ס׳ווארעמט זיך, עס פּיעסטעט זיך
דאָס גרינע אקער-פעלד.
עס שפּראָצט ארויס דאָס קערנדל,
דערזעט די ליבע וועלט,
דערפילט די זון די ליכטיקע,
דעם פרישן, פרײַען ווינט.
עס ציט זיך צו דער הימל-שײַן
און קוויקט זיך ווי א קינד.
געננג געלעגן טיף אין ערד,
פון ליכט און לעבן ווײַט,
די גראָע טעג, די שווארצע נעכט,

די לאנגע ווינטער-צײַט!
שפּראָצט אויף, איר זאנגען גאָלדענע
און פילט זיך אָן מיט זאפט!
פארגיס, פארפלייץ דאָס פרײַע פעלד,
אָ, יונגע, פרישע קראפט!
דער פרילינג גייט... ער בליצט... ער רוישט...
פארשווונדן ווערן ווײַט
די גרויע טעג, די שווארצע נעכט,
די לאנגע ווינטער-צײַט!

(1)

„זיך“ שרײַבט זיך באַזונדער פונעם צײַטוואָרט

שרײַבט-אויף די ענדערונג פון א צײַטוואָרט מיט „זיך“ אין אלע דרײַ צײַטן; א צײַטוואָרט — וועלכן איר ווילט. (2)

### אין דער הוטע

פון דעם לאַנג-שנײַדנדיקן פײַף האָט זיך מאָטקע אויפגעריסן פון שלאָף. ער האָט זיך ארומגעקוקט און ניט דערקענט, ווו ער געפינט זיך. ארום אים האָבן זיך ארומגעדרייט מענטשן. די קאמער איז געווען אזוי ווארעם פון דעם געהייצטן אויוון, אז עס האָט זיך אים אויסגעדאכט, אז די ווענט ווערן צע-פלאַצט פון דער אָנגעפּרעסטער היץ. פון אויוון האָט געיאָגט אזא היץ, אז עס האָט זיך געדוכט, אז אלצדינג, וואָס שטייט לעבן אים, ברענט ער אויף. באלד זײַנען זיך געקומען נאָך מענטשן. אלע האָבן זיך אויסגעטאָן נאקעט, געבליבן אין די אונטערשטע וועש און האָבן זיך ארומגעשטעלט ארום אויוון. באלד האָבן זיך אויפגעעפנט די טירלעך פון אויוון, און מאָטקע האָט דערזען, ווי פײַער גיסט זיך דאָרטן.

פארשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט.

### היימישע ארבעט

ענדערן אין אלע דרײַ צײַטן די צײַטווערטער: זיך ארומדרייען, זיך פארנעמען.

## 52. אָפּגעכאפּטע צײַטווערטער

### עליע מאכט טינט

מײַן ברודער עליע איז אוועק אין דער אפּטייק און האָט געבראכט „פּראָשקעס“ און גליצערינע א גאַנצע פלאַש. נאָכדעם האָט ער זיך פארשפּארט אין אלקער און האָט עפּעס געטאָן, וואָס — ווייס איך ניט. ס'א סאָד. די „פּראָש-קעס“ מיט דער „גליצערינע“ האָט ער אויסגעמישט אין א גאַנץ גרויסן טאָפּ (א נײַעם טאָפּ געקויפט). דעם טאָפּ מיטן געמישעכץ האָט ער פארוקט אין אויוון, און געבעטן די מאמע שטילערהייט, זי זאָל פארקייטלען די טיר. מיר אלע האָבן געמיינט מידייע וואָס. די מאמע האָט אלע מינוט געכאפּט א קוק צום אויוון. נאָכדעם האָט מען פּאַוואָלינקע ארויסגענומען דעם טאָפּ פונעם אויוון און מ'האָט פּאַוואָלינקע ארײַנגעגאָסן דאָס געמישעכץ אין פעסל וואסער

אריַין. אז דאָס פעסל איז געוואָרן אָנגעפּילט העכער האלב, האָט מײַן ברודער עליע א זאָג געטאָן: „גענוג!“ און האָט זיך גענומען צום בוך, געקוקט און געהייסן שטילערהייט זיך ברענגען א פרישע פּען מיט א ווײַסן בויגן פּאפּיר. אײַנגעטונקען די פּען אין פּאס און געגעבן א שרײַב עפּעס אפן פּאפּיר. דאָס אָנגעשריבענע האָט ער צוגעטראָגן פריִער צו דער מאמען, נאָכדעם צו מײַן שוועגערן בראָכע. דיביידע האָבן געגעבן א קוק אריַין און א זאָג צו אים: „סע שרײַבט!“ (1)

| |
|---|
| אז די טוונג ווערט אָפּגעכאפּט אף גיך, זאָגט מען: כאַפּן א קוק, א זאָג טאָן, געבן א שרײַב א. א. וו. |
| כאַפּן א קוק<br>א זאָג טאָן<br>געבן א שרײַב } אָפּגעכאפּטע צײַטווערטער |

דערשרײַב אָפּגעכאפּטע צײַטווערטער:

בײַסן — א ביס טאָן
ברעכן — . . . . .
דרייען — . . . . .
לויפן — . . . . .
שפּרינגען — . . . . .
פאלן — . . . . .
פאָרן — . . . . .
הוסטן — . . . . .
טומלען — . . . . .
שרײַען — . . . . . (2)

די רויטע ארמיי וועט נעמען מינסק

איבער דער בעריאָזע הענגט א שטרענגער בריק,
אײַלן עשאלאָנען, אײַלן איבער בריק.

און ווען דער לעצטער רײַטער וועט דורכשנײַדן געשווינד
און שטרענגערהייט זאָגן: נו, כאווײרים — צינד! —

וועט דאן דער בריק ברעכן, פאָכן מיט די הענט:
א בריק איז דאָ געהאנגען! געווען און ניט געווען.

וועט מינסק דאן ווערן נעענטער, ס׳איז ווער אהין אריַין:
— מינסק, מיר וועלן קומען, מיר וועלן ווידער זײַן!...

אין דעם געדיכט זײַנען דרײַ אָפּגעכאַפּטע צײַטווערטער פֿאַרביטן אַף געוויינלעכע. געפֿינט, וועלכע זײַנען עס, און שרײַבט איבער דעם געדיכט ריכטיק, ד. ה. פֿאַרבײַט צוריק די געוויינלעכע צײַטווערטער אַף אָפּגעכאַפּטע.

| | |
|---|---|
| אַ רוף טאָן דעם ברודער | ארופטאָן די גלאָז אפֿן לאָמפּ |

פֿאַרשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט.

היימישע ארבעט

ענדערן אין אלע צײַטן, אלע פּערזאָנען און ביידע צאָלן די צײַטווערטער אַ רוף טאָן און ארופטאָן.

## 53. צײַטוואָרט (איבערכאַזערונג)

### עליעס טינט

באַלד נאָך דעם האָט מען זיך גענומען ווידער צו דער פֿריערדיקער ארבעט. אָנגעגאָסן נאָך אַ פּאָר עמער וואַסער, האָט מײַן ברודער אופגעהויבן די האַנט: „גענוג״! ווידעראַמאָל געגעבן אַ שרײַב אין ווײַסן פּאַפּיר אַרײַן און ווידעראַמאָל צוגעטראָגן דאָס אָנגעשריבענע פֿריִער צו דער מאַמען און נאָכדעם צו מײַן שוועגערן בראָכע. די ביידע האָבן געגעבן אַ קוק אין פּאַפּיר אַרײַן און אַ זאָג: „סע שרײַבט!״

אָט אַזוי עטלעכע מאָל, ביז די פֿאַס איז געוואָרן פֿול ווי אַן אויג. ס'איז שוין ניט געווען וו הין צו גיסן וואַסער. דעמאָלט האָט מײַן ברודער עליע געגעבן אַ הייב אוף די האַנט: „גענוג״! און מיר אלע פֿיר האָבן זיך געזעצט עסן.

נאָכן עסן האָבן מיר זיך גענומען צום צעגיסן דעם טינט אין פֿלעשער. פֿלעשער האָט מײַן ברודער עליע צונויפֿגעבראַכט פֿון דער גאַנצער וועלט.

מוישע דער אײַנבינדער, אז ער איז אַרײַנגעקומען צו אונדז און דערזען אַזויפֿיל פֿלעשער, האָט ער זיך דערשראָקן און זיך געגעבן אַזש אַ וואָרף צוריק.

(וואָס ווײַטער איז געווען, קענט איר וויסן פֿונעם לימעד 31).

שרײַבט ארויס אלע צײַטווערטער. (1)

שרײַבט-איבער דידאַזיקע צײַטווערטער אין איצטיקער און אין שפּעטערדיקער צײַט:

האָט מען זיך גענומען
האָט עליע אופגעהויבן די האנט
ביידע האָבן געגעבן א קוק
די פּאס איז געוואָרן פול
מיר האָבן זיך געזעצט עסן. (2)

פאַרשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט.

**היימישע ארבעט**

ארויסשרײַבן פון טעקסט פון לימעד 52 („עליע מאכט טינט") אלע צײַטווערטער און צעשטעלן אין רובריקעס:

| מיט צוגאָבן | מיט צו-שטעלן | מיט „זיך" | אָפּגעקאפּטע | אנדערע |
|---|---|---|---|---|
| | | | | |

איין צײַטוואָרט קען ארײַנפאלן אין צוויי רובריקעס.

## 54. פערזאָניקער צײַטוואָרט

עליע מאכט טינט.
עליע האָט געמאכט טינט.
עליע פלעגט מאכן טינט.
עליע וועט מאכן טינט.
עליע וואָלט מאכן טינט. (1)

| |
|---|
| א וואָרט, וואָס מען קען ענדערן אין דרײַ פערזאָנען און צוויי צאָלן, הייסט **פערזאָניקער צײַטוואָרט** |

עליע מאכט טינט.
**מאכט** — פערזאָניקער צײַטוואָרט.

עליע האָט געמאכט טינט.
האָט — פּערזאָניקער צײַטוואָרט (געמאכט איז ניט קיין פּערזאָניקער צײַטוואָרט).
עליע וועט מאכן טינט.
וועט — פּערזאָניקער צײַטוואָרט (מאכן — איז ניט קיין פּערזאָניקער צײַטוואָרט).

יעדע איצטיקע צײַט איז א פּערזאָניקער צײַטוואָרט.
אין פריִערדיקער צײַט איז איין וואָרט (האָב, האָסט, האָבן, האָט, בין, ביסט, איז, זײַנען, זײַט) א פּערזאָניקער צײַטוואָרט, דער צווייטער ניט.
אין שפּעטערדיקער צײַט איז איין וואָרט (וועל, וועסט, וועט, וועלן) א פּערזאָניקער צײַטוואָרט, דער צווייטער ניט. (2)
אין צײַטוואָרט מיט **וואָלט** איז **וואָלט** דער פּערזאָניקער צײַטוואָרט.

| |
|---|
| א צײַטוואָרט קען באשטיין פון צוויי ווערטער — א פּערזאָניקן צײַטוואָרט און א נימ פּערזאָניקן |

(3)

קלײַבט-אויס צו איין סוביעקט, איין פּערזאָניקן צײַטוואָרט און איין אָביעקט און שטעלט אויף פראזעס:
סוביעקטן: איך, מיר, די מאמע, עליע, עליע, עליע.
פּערזאָניקע צײַטווערטער: מאכן, רופט, ברענגט, רוף, פארקייקלט, מאך.
אָביעקטן: די טיר, פלעשער, טינט, טינט, דיך, מאָטלען.
פארשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט. (4)

**היימישע ארבעט**

שטעלט-איבער די ווערטער אין די 6 פראזעס, וואָס איר האָט אויפגעשטעלט, אף אלערליי אויפאנים, צ. ב. איך רוף דיך, דיך רוף איך, רוף איך דיך.

## 55. סיידער פון די ווערטער אין זאץ

(1) אף וועלכן אָרט שטייט אָפטער דער פּערזאָניקער צײַטוואָרט?
ווי איז בעסער — דער סוביעקט זאָל שטיין אפן ערשטן אָרט און דער אָביעקט אפן דריטן צי פארקערט?




(2)

אונדזער רייד שטעלט זיך אויף פון ווערטער.
די ווערטער דארפן שטיין ניט אבי-ווי, נאָר
אין א געווייסן סיידער.

עליע מאכט טינט.
טינט מאכט עליע.
מאכט עליע טינט.

שטעלט אויף סכעמעס צו די דריי זאצן.

איך רוף דיך

איך —— רוף
|
דיך

דיך רוף איך

איך —— רוף
|
דיך

רוף איך דיך

איך —— רוף
|
דיך

פון דער סכעמע קען מען ניט דערקענען דעם
סיידער פון די ווערטער אין זאץ.

**איבער דער בעריאָזע הענגט אַ שטרענגער בריק.**

## שטעלט איבער די ווערטער, ווי נאָר מע קען.

פארשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט.

**היימישע ארבעט**

שרײַבט-אויף א דערציילונג פון 5 קורצע פראזעס. דערנאָך שטעלט-איבער אין יעדער פראזע דעם פערזאָניקן צײַטוואָרט אפן ערשטן אָרט. זעט, צי עס ווערט בעסער צי ערגער.

## 56. סובסטאנטיוו, צײַטוואָרט, פראזע, זאץ

(איבערכאזערונג)

פארן יאָר צײַט האָט איר שוין אזויפיל מאָל געהאט צו טאָן מיט סובסטאנטיוון און מיט צײַטווערטער, אז איר האָט זיך צוגעוווינט צו די נעמען, און איר קענט שוין גוט אונטערשיידן א סובסטאנטיוו פון א צײַטוואָרט.

ווו זײַנען צווישן אָט־די ווערטער סובסטאנטיוון און ווו צײַטווערטער?

שטיפער, שטיפערײַ, דו שטיפסט, ער שטיפט, געשטיפט, שטיפערן.
דער שלאָף, איך שלאָף, פארשלאָפן, געשלאָפן, שלעפער.
געלאָפן, לויפן, לויף, לויפערקע, לויפעניש, א לאָף טאָן.

ווו קען מען שטעלן א באשטימוואָרט — בא א סובסטאנטיוו צי בא א צײַטוואָרט?

וואָס קען מען ענדערן אין פערזאָנען — א סובסטאנטיוו צי א צײַטוואָרט?

וואָס קען זײַן א סוביעקט און אן אָביעקט — א סובסטאנטיוו צי א צײַטוואָרט?

וואָס קען מען ענדערן אין דרײַ צייטן — א סובסטאנטיוו צי א צײַט־וואָרט?

מאכט פון דעם וואָרט ווײַס עטלעכע סובסטאנטיוון און עטלעכע צײַט־ווערטער. מאכט פון דעם וואָרט פרעג עטלעכע סובסטאנטיוון און עטלעכע צײַטווערטער.

נאָכן עסן האָבן מיר זיך גענומען צום צעגיסן דעם טינט אין פלעשער. פלעשער האָט מײַן ברודער עליע צונויפגעבראכט פון דער גאנצער וועלט.

אָנגעגאָסן נאָך א פאָר עמער וואסער, האָט מײַן ברודער עליע אופגעהויבן די האנט.

נאָכן עסן האָבן מיר זיך גענומען צום צעגיסן דעם טינט אין פלעשער, וואָס מײַן ברודער עליע האָט צונויפגעבראכט פון דער גאנצער וועלט. (1)

אָנגעגאָסן נאָך א פאָר עמער וואסער, האָט מײַן ברודער עליע אופגעהויבן די האנט.

ווו איז ווי שאָלעם־אלייכעם האָט געשריבן און ווו איז איבערגעמאכט? ווו איז בעסער? (2)

פארשרײַבט, וואָס האָט איר הײַנט געלערנט.

הײמישע ארבעט

קוקט־איבער די לימודים 2, 28, 29; 42, 43.

## 57. באטײַט פון ווערטער

(איבערכאזערונג)

סובסטאנטיוון קענען זײַן אייגננעמען און ניט קיין אייגננעמען. (2)

**א מאָדנע זאך!**

אן אלטע ייִדענע איז אמאָל געקומען פון יאמפאָלע קיין קרעמענטשוג. הערט זי, ווי מע רופט דעם טײַך—דניעפּער, פארוווּנדערט זי זיך:

**— אַ מאָדנע זאַך! בא אונדז זאָגט מען דניעסטער, און דאָ זאָגט מען גאָר דניעפּער.** (2)

## ווערטער מיט פאַרשיידענע באַטייַטן

פּיסלעך בא א קינד און **פּיסלעך** בא א טיש (סובסטאַנטיוו)
לויפן קען א קינד און **לויפן** קען א זייגער (צייַטוואָרט)

אז מע נייט אָן געלט איז אַן **אומזיסטע** ארבעט
און אז מע מאַכט ניט קיין קניפּל, איז אַן
**אומזיסטע** ארבעט (סימען).

**דערמאָנט זיך נאָך אַזעלכע ווערטער.**

## שפּיל מיט ווערטער

איינער פרעגט: ווען נייט א שנייַדער אומזיסט?
מיינט יענער: אומזיסט — אָן געלט. ווייס ער ניט.
זאָגט דער ערשטער: ווען ער מאַכט ניט קיין קניפּל.
דאָס רופט זיך — **שפּיל מיט ווערטער**. דער וואָס האָט געפרעגט, האָט געשפּילט מיטן וואָרט „אומזיסט“.

## נאָך א שפּיל מיט ווערטער

יענטל האָט אויסגעגאָסן א קריגל וואַסער. זאָגט די מאַמע:
— זע, סאַראַ נעץ דו האָסט דאָ אָנגעמאַכט איבערן גאַנצן צימער!
מאַכט יענטל:
— אויב א נעץ, קען מען דאָך מיט דער נעץ כאַפּן פיש.
**וואָסערע באַטייַטן האָט דאָס וואָרט „נעץ“?** (3)

## נאָך א ווערטערשפּיל

אז טעוויעס פערד וויל עסן און ס'איז ניטאָ קיין היי, זאָגט אים טעוויע:
— מירן קומען אהיים, וועל איך דיר ווייַזן א היי אי סידער.
**וואָס באַטייַט היי?**

## נאָך א ווערטערשפּיל

פאַרוואָס נעמט מען אַראָפּ די היטל, אז מע גייט אַרייַן אין קלאַס? (4)

* ס'איז עמעס, אז דו קענסט גוט מאָלן און גוט צייכענען?

— מאָל דיר, אז מאָלן מאָל איך נים איבעריק גוט, אָבער צייכענען צייכן איך אויסגעצייכנט.

פארשרײַבט, וואס האָט איר הײַנט געלערנט.

## לאכן איז געזונט.

קיין היימישע ארבעט וועט ניט זײַן.

## 58. וועגן דעם בוך „שפראך"

באהאנדלט דעם בוך „שפראך". (1)

| |
|---|
| הײַנט האָבן מיר באהאנדלט<br>דעם בוך „שפראך". |

## 59—60 א בריוו צום אוטער פונעם בוך

(1) פאָרמע פון א בריוו

ארט, טאג, כוידעש, יאָר

ווענדונג

א

י

ב

ה

א

ל

ט

אונטערשריפט

אדרעס אף צוריק

(2)

# א ל ע פ ב יי ז

| | |
|---|---|
| א | אלעף |
| אָ | אָ (אלעף מיט א קאָמעץ) |
| ב | בייז |
| ג | גימל |
| ד | דאלעד |
| ה | היי |
| ו | וואָוו |
| וּ | (וואָוו מיט א פינטל) |
| וו | טאָפּל-וואָוו, צוויי וואָוון |
| ז | זייַען (זש—זייַען-שין) |
| ט | טעס (טש—טעס-שין) |
| י | יוד |
| יִ | יוד מיט א פינטל |
| כ | כאָף (ך—לאנגע כאָף) |
| ל | לאמעד |
| מ | מעם (ם—שלאָסמעם) |
| נ | נון (ן—לאנגע נון) |
| ס | סאמעך |
| ע | אייַען |
| פּ | פּיי (מיט א פינטל) |
| פֿ | פֿיי (ף—לאנגע פֿיי) |
| צ | צאדיק (ץ—לאנגע צאדיק) |
| ק | קוף |
| ר | רייש |
| ש | שין |

# טערמינאָלאָגיע

אין קלאמערן—די טערמינען, וואָס ווערן באנוצט אין מײַן „ייִדישער גראמאטיק”. די נומערן ווײַזן די לימודים.

| | |
|---|---|
| אָביעקט (דירעקטער אָביעקט, אקוזאטיוו) 8, 9, 13 | Прямое дополнение, винит. падеж |
| אויסרוף (אינטעריעקציע) 33 | Междометие |
| אויסרופצייכן | Восклицательный знак |
| אומבאשטימוואָרט (אומבאשטימיקער ארטיקל) | Неопределенный член |
| אייגננאָמען 2 | Собственное имя |
| איינצאָל | Единственное число |
| אינהאלט-רעגיסטער 37 | Оглавление |
| איצטיקע צײַט (קעגנוואָרט) 20 | Настоящее время |
| אָפּגעכאַפּטע צײַטווערטער (פּעריפראסטישע ווערבן III קלאס) 52 | Однократный глагол |
| באטײַט 28 | Значение |
| באפעל (באפעל-מאָדוס) 32 | Повелительное наклонение |
| באשטימוואָרט (באשטימיקער ארטיקל) | Определенный член |
| בינדשטריך 40 | Черточка |
| געקירצטע ווערטער, 21, 36 | Сокращенные слова |
| דריטע פּערזאָן 16, 17 | Третье лицо |
| דריטער מין 4 | Средний род |
| ווענדונג 33 | Обращение |
| ווערטל 42 | Поговорка |
| זאץ (באהעפט) 30 | Словосочетание |
| טוונג (צײַטוואָרט) 16 | Глагол |
| טירע 31 | Тире |
| מין 4 | Род |
| מערצאָל 17 | Множественное число |
| נײַע שורע 35 | Красная строка |
| סוביעקט 8 | Подлежащее |
| סובסטאנטיוו 1 | Имя существительное |
| סדר פון די ווערטער 55 | Порядок слов |

# נאָכוואָרט

א ספּעציעלער בוך פארן לערער איז ארויס באזונדער. דאָ גיב איך בלויז די נייטיקסטע אָנווײַזן.

דער בוך איז אן ארבעט-בוך פאר אָרטאָגראפיע, לעקסיק, סעמאנטיק און גראמאטיק לויט דער פּראָגראם פון ייִדיש פאר ר. ס. פ. ס. ר.* דער בוך באשטייט פון 60 לימודים (30 לערנוואָכן צו 2 גאנצע אָדער 4 האלבע לימודים א וואָך). בא יעדן (קימאט)—א זעלבשטענדיקע היימישע ארבעט. די קלאס-ארבעטן זײַנען מינדלעכע און שריפטלעכע.

אייניקע אָרטאָגראפישע ארבעטן גייען אונטער איין נומער אין צוויי ווארִיאנטן: פאר קינדער פונעם ליטווישן דיִאלעקט (באצייכנט ליטוו.) און פונעם אוקראִיִנישן (אויך פּוילישן) דיִאלעקט (באצייכנט אוקר.).

די נומערן אין קלאמערן, וואָס זײַנען געגעבן געוואָרן אין טעקסט, שיקן אָפּ צום בוך פארן לערער. ס'איז איבעריק צו דערקלערן, אז דער לערער איז ניט מעכויעוו זיך האלטן בוכשטעבלעך בא די געניטונגען און שמועסן, וואָס ווערן אים אָנגעוויזן.

איבער מאנגל אין אָרט איז דאָ געגעבן ניט קיין מאקסימום אָף אויסצוקלײַבן פון אים, ווי מע איז זיך אָפּט נויהעג אין לערנביכער, נאָר א מינימום: אלע 60 לימודים קאָן מען און מע דארף (אין א נאָרמאלן קלאס) דורכמאכן אין מעשעך פון לערניאָר. דאָך איז פאָרויסגעזען דער פאל, ווען עס וועט פאָרט ניט קלעקן קיין צײַט פאר אלץ: די טיילן, וואָס זײַנען באצייכנט מיט שטערנדלעך (*), מעג מען אין אזא פאל דורכלאָזן.

דער צוועק פון די פארגעבונגען איז ניט אזוי נאָכמעריקן (אכטגעבן), ביפראט נאָך אליין אויספאָרשן, נאָר זיך געניטן אין די ריכטיקע אָרטאָגראפישע און גראמאטישע פאָרמעס. שפּראכפאָרשערישע ארבעטן איז קימאט ניט קיין זאך פאר א דריטן לערניאָר. דעם שווערפונקט פון מײַן ארבעט האָב איך געזען אין דער פארשיידנארטיקײַט און אינטערעסאנטקײַט פון די פארגעבונגען (ווי אויך פון דעם כרעסטאָמאטישן מאטעריִאל).

---

* א. זארעצקי, „פּראָגראם פון ייִדיש פאר דער ערשטער שטופּע“ („אָף די וועגן צו דער נײַער שול“, נומ. 1, 1928). אייניקע פונקטן פון דער פּראָגראם פעלן דאָ: 1) סינאָנימיק, געניטונגען אין מין, אייניקע אָרטאָגראפישע פונקטן, — ווײַל דאָס אלץ איז באקוועמער צו פארבינדן מיט דער אָרבעט איבער דער כרעסטאָמאטיע; 2) סובסטאנטיוון מיט -ווארג, -טום, -הײַט, -ונג, - -ביק, -ניצע, אדיעקטיוון און אדווערבן מיט -יש א. א.—ווײַל דאָס האָט זיך ארויסגעוויזן צופיל, דאָס וועט גיין אין ארבעט-בוך פאר IV יאָר.

די טערמינאָלאָגיע האָב איך זיך געסמאַרעט מאַכן וואָס קלענער. כ׳האָב אויכגעמיטן די טערמינען מאָדוס און מיטשטימונג, וואָס זײַנען אָנגעוויזן אין פּראָגראַם. „זאַץ" באַנוץ איך אין זינען פון באַהעפט (סײַ אָפענער, סײַ געשלאָסענער) אנשטאָטן אומבאַקוועמען טערמין „פּערזאָנוואָרט" (ווערבום פינוי־טיום, ד. ה. א צײַטוואָרט מיט פאָרמע פון פּערזאָן) האָב איך אין פּראָגראַם פאַרגעלייגט „פּערזאָנצײַטוואָרט". אָבער איצט האַלט איך, אז דאָס איז אויך שווער. און בעסער איז „פּערזאָניקער צײַטוואָרט".

א צעטל טערמינאָלאָגיע איז צוגעגעבן אין סאָף בוך.

פאַרשטייט זיך, אז בויענדיק דעם בוך פאַרן III לערניאָר, האָב איך געמוזט אַרויסגיין פון דער האַנאָכע, אז אין צווייטן לערניאָר האָט מען דורכגעאַרבעט מײַן בוך פאַרן II לערניאָר. פאַקטיש וועט עס אָפט זײַן אַנדערש. אין יענע פאַלן מוז דער לערער דורכקוקן דעם בוך פאַרן II לערניאָר און זען צי די שילער פעלט נאָך עפּעס פון דעם, וואָס דאָרט איז געגעבן. אויב יע — וועלן אייניקע לימודים אַוועקגיין אַף אָניאָגן דאָס.

כ. בעזנאָסיק האָט לויט מײַנע אָנווײַזן צוגעזוכט און אויסגעשטעלט א טייל כרעסטאָמאַטישן מאַטעריאַל.

א בוך מיט אזא נײַער סטרוקטור, ווי אָט דער, נייטיקט זיך באַזונדערס אין קאָלעקטיווער קריטיק און פאַרבעסערונג, — בעט איך די לערערס, וואָס וועלן באַנוצן דעם בוך, שרײַבן מיר (אָדער אין דער פּעדפּרעסע) זייער מיינונג און די רעזולטאַטן פון דער פּראַקטיק. ס׳איז וויכטיק צו וויסן, ווי באַציען זיך די קינדער צו די פאַרשיידענע טיפּן פאַרגעבונגען — וועלכע זײַנען גרינג, וועלכע שווער, וועלכע אינטערעסאַנט, וועלכע ניט. דער לימעד 59 — 60 איז אַזוי אַרום אויסן — ניט נאָר געבן די שילער א געוויינשאַפט צו בריוו און צו באַהאַנדלען א בוך, נאָר אויך געבן מיר א באַקאַנשאַפט מיט דער באַציונג פון דער שול צום בוך.

די אָנווײַזן וועל איך נעמען אין אַכט בא דער אַרבעט איבער ווײַטערדיקע לערנביכער פון דעם טיפּ.

**א. זאַרעצקי**

---

# אינהאלט

זײַט

צענטראלער פעלקער פארלאג פון פ. ס. ס. ר.
מאָסקווע, צענטער, ניקאָלסקאיא 10.

# וואָס לייענען?

## דערציילונגען פאר קינדער

פרייז

1. ב. אָרשאנסקי. — אין באהעלטעניש. 80 ז. . . . . 25 ק.
2. מ. דאַניעל — דאָווידל קרומפּיסעלע. 32 ז. . . . . 18 ק.
3. י. דאָברושין — מוישקע הארמאט. 70 ז. . . . . . 30 ק.
4. וולאדימיר וולאדימירסקי. — די סמאראגדן-שאכטע. 80 ז. . . . . . . . . . . . . . . . . 50 ק.
5. לייב-אייגנטום-קינדער. ערשטער בוך 187 ז. 90 ק.
6. ד. סטאנאָוו. — באָלשעוויקעס. 46 ז. . . . . . . 25 ק.
7. לעבן-פּאסירונגען פון מאקסים גאָרקי. 144 ז. . . . 2 רובל

## לידער

פרייז

1. ראָכעלע בוימוואָל. — קינדער-לידער. 32 ז. . . . 20 ק.
2. אי. קיפּנים. — דאָדל און שאי-כאלי. 13 ז . . . . . 25 ק.
3. „ „ שטענדיק גרייט (א געגראמטע פּאָעמע פאר קינדער). 26 ז. . . . . . . . . . . . . 25 ק.

## פּיאָנערישע ביכער

1. פּיאָנער, גערענק! (אָנזאג פון פּיאָנערן-צונויפלי). 104 ז. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 35 ק.
2. ג. שינקעל. — דער צווייטער אינטערנאציאָנאלער צונויפלי פון פּראָלעטארישע קינדער. 16 ז. . . . . . . 8 ק.

אויסשרייבן די ביכער קאָן מען לויטן אדרעס:
**Центриздат. Москва, Центр, Никольская 10.**
און אין אלע אָפּטיילונגען אויף די ערטער